# ● אַ דאַנק

## צו פֿאָלגנדיקע פֿריינט פֿאַר העלפֿן אַרויסגעבן דאָס בוך:

עוועלין אַלעקסאַנדער

א. בערניקער
(ווינדזאָר, קאַנאַדע)

גיטל באָרנשטיין

אברהם גאַמפּעל
אין אָנדענק פֿון זיין פֿרוי שפֿרה
(ניאַגאַראַ פֿאָלס, קאַנאַדע)

נייטן און מערי גאַרפֿילד

לינאַ האַרפּערט
(אין אָנדענק פֿון באָריס מעלאַמוד)

מעקס גראָס
(אין אָנדענק פֿון זיין פֿרוי שרה)

סעם און ראָוז האַרפּער
(מיאַמי)

לילי און מאָריס וואָלפֿסאָן
(ניו־יאָרק)

איזראַעל און ראָוז וואַנעטיק

ז. וויינפֿער לייען־קרייז

באָריס און ראָוז זימרינג

מאָלי טרייבוש
(אין אָנדענק פֿון איר מאַן שמעון)

סאָניאַ יאַבלאָן

ב. לעוויט
(פֿיניקס, אַריזאָנאַ)

יוצי און ען מאָרדען

קלאַראַ און אילאַי ניומאַרק

י. ל. פּרץ לייען קרייז
(וועניס)

דזשעק ר. פֿעלדמאַן
(מעדיסאָן, וויסק.)

סאַמואיל צעפּקין

סעם און ענאַ קאַופֿמאַן
(סיל ביטש)

דזשאָו און לילי קאָרן

אייזיק און פֿלאָראַ קעסלער
(דעטראָיט)

וויקטאָר, שרה'טשע קעסלער
(דעטראָיט)

מערי ריטשמאַן

י. א. ראָנטש לייען קרייז

שייקע שטראַוס

דזשוליאַ און סעם שניידער

דר. בערנאַרד און שיינדל שאַפּיראָ

יוסף שאַכנאָוו

שלום עליכם לייען קרייז



# נעמען יידישע

די יאַנקלס, די יאָסלס, די הענעכס און לייבלס;
די ברכהס, די טייבלס, די גענישעס און אסתרס —
די קינדער פון דלות באַלאָדן מיט גלויבן,
אַז זונשיין וועט גלעטן
אַז לויכטן דאָס אויג וועט פון נחת,
אַז וועלט וועט זיין אַ קאַרנייוואַל...

זיי זיינען געפאַלן אין שלאַכט פאַר מאַדריד,
זיי האָבן געוועערט זיך אויף גאַסן פאַריזער,
זיי האָבן פאַרטיידיקט דעם כבוד פון מאָסקווע.
זיי האָבן געשאָסן פון וועלדער פון מינסקער.
מען האָט זיי פאַרפייניקט אין אוישוויץ און דראַנסי.
געלינטשט זיי ווי נעגערס אין שטאַט מיסיסיפי...

זיי זיינען געוואָרן די העלדן פון געטאָ.
זיי האָבן געבלוטיקט פאַר ערד פון ישראל;
זיי האָבן דעם מדבר אין גערטנער פאַרוואַנדלט,
זיי האָבן דערנענטערט דעם נעכטן צום מאָרגן.

ווער האָט באַוויינט דען די לעבנס די יונגע ?
ווער האָט געטוליעט זייער אָנדענק צום האַרצן ?
ווער האָט די נעמען די יונגע פאַרהערלעכט ?

און מיר, געבליבענע
צו איבערנעמען וועלט —
מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין,
געניסן, גריסן און באַשליסן,
אַז יעדע שעה
איז לעבן ווערט.

נאָר הינטער אונדז און איבער אונדז
דער שונא גרייט זיך, לויערט
און גרייט טרעבלינקעס נייע
און ציילט די נעמען יידישע.

מאָרגן וועט אַ פלאַקער טאָן די וועלט.
ווער פון אונדז וועט ווערן העלד ?

# און ווידער...

און ווידער וואַיעט ווילדער וויסטער וויכערדיקער ווינט אין מדבר
און רעדט און רעוועט, ריטשעט און קוויטשעט,
ווייעט אַן אַן אימה אין דער קאַלטער נאַכט.

הויך און העכער, פון די בערג און היילן, שפּאַלטן, לעכער,
פון די צאָרנדיקע הימלען,
קייקלען זיך קלאָגנדיקע קולות
פון דערשטיקטע בליענדיקע לעבנס אויפגעוואַכט.
זעצן מיט צעקיילטע פויסטן העפטיק אין געברום —
ציטערט, צאַפּלט, צישעט דער אַרום.

טוט געוויטער וואונדן קראַצן,
שטשירען ציין פאַרסמטע ראַצן
און משוגענע פּאַיאַצן
דזשימדזשען מיט די בערג,
ווי קלעזמער שיכורע מיט טאַצן.
נאָר ערגעץ אין דער הויך מאַניען העלע שטערן,
ווי פאַרכישופטע פּאַלאַצן.

שווייגן פעלדער, ליגן איינגענורעט,
שרעקן זיך פאַר אויפברויז אין דער נאַכט.
טריט פון וויכערס, ווי געיאָג פון מחנות קריגער,
גיכער, גיכער,
צו פינאַלער שלאַכט.

און איבער אַלץ — אַ וויי, אַן אוי,
אַ שטייגנדער געוואַי,
אין דעם ברייטן, פרייען רוים,
ווי פון שטורעם־ים דער שוים.

קולות קוילערן אין אנגסטן,
וואַרגן, וואָרנען.
אימעץ וויל דעם גרויל דערשטיקן,
טויטע אויגן שטאַרן אויס די בליקן,
פראַלן אויף פאַרשטומטע מיילער
און די ווינטן איילן זיך און איילן.

ווען וועט נעמען סוף צום דראָענדיקן שאַל?
ווען וועט ברויזנדיקער קנאַל
איינשטילן דעם צאָרן?
האָרן טרובעט אויס נייע ניט־געהערטע גוואַלדן,
וואָרנט וועלט פון רייטנדיקע שטורעמס,
פורעמט אויס  א י י ן  בייטשיק קול פון אַלע קולות.
וואויל איז דעם וואָס טויב איז...
שטויב איז לופט פון ווינטס געיאָג.
טראָגט און טראָגט דעם כעס פון וועלט,
זידלט, שעלט,
פאָדערט, שטעלט
אין קאָן דעם זין פון זיין,
וואָיעט אויס זיין ווי און פיין,
דרינגט אַריין דורך טיר און טויער,
וואָרנט, וואָרנט, אַז עס לויערט
מאָנסטער־מאַרש פון בערג און לאַבירינטן,
אָנגעפירט פון ווינטן —
וויסטע, ווילדע, וואָיענדיקע,
נאָענטע און ווייטע ווינטן.

## אויך איך

די דראָענדיקע גרינגע כוואַליעס שליידערן מיר אין פּנים אַריין
שיפּענדיקע, שטשירענדיקע און שיכורע ווייסע שוימען,
באַהערשטע פון רעוווענדיקע, רחבותדיקע ריזיקע רוימען,
וואָס פאָדערן פון מיר, קליין־מענטשעלע, אַ דין וחשבון פאַר דער וועלט,
ווי איך וואָלט אָנגעבראַכט אַהער די זאַווערוכעס און די קעלט.

די גאַלאָפּירנדיקע, גריזוועדיקע און גראַפּלענדיקע כוואַליע־פערד
לאָזן, ניט געצאַמטע, זיך צו מיר מיטן גאַנצן גרימצאָרן,
ווי זיי וואָלטן אויף אייביק שוין אָנגעוואָרן
זייער גלויבן אין קאָנען זיך באַהעפטן מיט אַלע ליבנדיקע לעבנס.
זיי לעכצן צו פאַרטיליקן און קיינמאָל ניט פאַרגעבן.

מיט שלווה אָנגעזאַפּטער זיץ איך אַ געלאַסענער
אויף אַן אויסגעצוואָגענעם זיכערן גלאַטן שטיין
און הער זיך איין צום גרויזאַמען לאַך און ווילד געוויין
פון הערשער־אָקעאַן, פון מעכטיקסטן פון גיגאַנטן,
וואָס באַקלאָגט זיך פאַר מיר, ווי פאַר אַן אַלט־באַקאַנטן.

יאָ, איך הער און האָרך געדולדיק־שולדיק און טו באַנעמען
די אַלע מיליאָנען עוולות, טענות־מענות און פאַרדראָסן,
ווי איך אַליין וואָלט האָניק דאָ געלעקט און פול געגאָסן
פון די דורותדיקע פאַרגעניגנס און עולם־הזה גליקן,
וואָס רייסן פון מיר שטיקער און גאַרן מיך צעפליקן.

וואָס וויל ער דען פון מיר, דער רעווענדיקער אָקעאַן הגדול ?
וואָס ביילט ער קעגן מיר די פעכענדיקע פויסטן
און פאָכעט מיט דער כוואַליע, ווי מיט אַ שווערד אַנטבלויזטער
און קלאַפּט צעזעצטערהייט אין גולם־ברעג, ווי אין אַ טיר
און טשעפּעט זיך און טשעפּעט זיך אָן אויפהער איצט צו מיר ?

אַ בעסטיע פּרעהיסטאָרישע, מיט אַ גרונטלאָז גרינעם מויל
און מיט בלישטשענדיקע, סטאַרטשענדיקע ווייסע ציין,
וויל זי איינשלינגען דאָס מענטשעלע אויפן גלאַטן שטיין ;
וויל זי מיט קול־קולות מיך באַטויבן
און צעשוימען און צעוואַיסן און צעדרויבן.

מעוועס־עופעלעך שפּילן זיך אין כאַפּערלעך מיט די כוואַליעס מעכטיקע.
דער גאַנצער גרויסער טאַראַראַם הייבט זיי ניט אָן צו אַרן,
כל־זמן זיי קאָנען זיך באַוועגן, שרעקן זיי ניט קיין געפאַרן.
זיץ איך מיר אויפן הויכן שטיין און ניט איך לאַך און ניט איך וויין
און ניט איך באַנעם פון אָקעאַן דעם זין און מיין.

אויך א י ך פאַרוואַנדל זיך אַמאָל אין אַ שטורעמדיקן אָקעאַן
און שטרעק די רויטע פויסטן אויס צו ריזן רוימען ;
אויך פון מיין הייסן מויל די רעוועדיקע רייד זיך שוימען ;
אויך א י ך מאָן דין וחשבון ביי דעם נעכטן און ביים היינט ;
אויך א י ך וויל, ווי דער אָקעאַן, געפינען אַן אָנשפּאַר אין אַ פריינט.

# די אייגן דיינע

האָסט פֿאַרמאַכט די אויגן דיינע און דערזען:
צעשראָקענע סאָלדאַטן־יינגלעך אין דזשאָנגל פֿון וויעטנאַם;
צעפּליקטע מענטשן־גופֿים אויף געשענדטער ערד;
ברענענדיקע שטרוי־ביידלעך;
וויטיק און צער אויף קינדערשע פּנימלעך;
טיפֿע טרויער־אויגן פֿון מאַמעס וואָס פֿרעגן: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס?

האָסט די אויגן צעעפֿנט —
ביסט אַליין אין צימער געווען.
וואו איז די גרויסע וועלט, די ליכטיקע, אַהינגעקומען?
האָסט אַ שוץ געזוכט, האָסטו געזוכט אַנטרינונג.
האָסטו די אויגן פֿאַרמאַכט און דערזען און דערהערט:
גיהינום־באָמבעס געהאָגלט האָבן פֿון הימל,
צעשטערער פֿון לעבנס, פֿון פֿלאַנצן און דורות;
צעבלוטיקטע, צעקאַליעטשעטע יוגנט אויף טראָג־בעטלעך;
דאָס נאַקעטע פּנים פֿון עקלדיקן טויט;
דאָס וואָיען פֿון ווייטיקדיקן אומקום.

ביסטו פֿאַרצאַפּלט געוואָרן אין שווייסיקן פּחד,
האָסטו די אויגן געעפֿנט און אַנטלויפֿן געוואָלט —
וואוהין? וואוהין?

האָסטו די אויגן פֿאַרמאַכט און דערזען:
די קינדער־יאָרן דיינע אין טונקלען חדר;
דערהערט דעם רבינס הייזעריק קול,
וואָס האָט געהייליקט דעם „לא תרצח״.
קליינערהייט ביסטו מיטן טאַטן אַוועק
אין אַ פּייכטן קעלער־ווינקל

מקיים־זיין די מצווה פון ביקור־חולים —
דערלאַנגט דאָס לעפעלע מעדיצין,
אַרויסגעטראָגן דאָס פּאָמיץ־שעפל.

די מאַמע האָט אויסגעשפּרייט די קרישקעס אַלט ברויט
פאַר שפּערלינגען אין ווינטער־טאָג;
אויף זאַלץ־ברעטל האָט זיך גערייניקט פלייש פון בלוט;
אין אויער האָט געקלונגען:
זאָלסט ניט אויפהייבן קיין האַנט קעגן אַ בן־אדם!

האָסטו די אויגן געעפנט און געפרעגט:
וואו ביסטו, טאַטע ליבער, מאַמע געטרייע, ערלעכער רבי?
האָסט זיך דערזען אַרומגערינגלט
פון אולטראַ־מאָדערניסטישע באַרבאַרן,
פון מאַטעמאַטיקער פון מאָרד און פילאָסאָפישע פאַרניכטער.

האָסטו די אויגן פאַרמאַכט און דערזען:
אומענדלעכע גראָז־גרינע פעלדער
מיט ווייסע צלמים און מגן־דודס,
די זאַפט פון יוגנט אויסגערונען,
און ימים טרויער־טרערן אָנגעזאַמלט.

דו האָסט דערזען:
די גאַז־אויוונס פון אָשוויענטשים און בערגען־בעלזען;
די בעטנדיקע הענט פון דיינע פיר שוועסטער,
זייערע מענער און קינדער;
די פעטערס, מומעס, שוועסטער־קינדער.

האָסט זיך אַליין ראַטעווען געוואָלט
און די אויגן צעעפנט פיבערדיק
און צום פענצטער צוגעלאָפן

און עס האָט אַ לויכט־געטאָן דיר אין די אויגן
אַ ווייסער וואָלקן און אַ טיפער בלויער האָריזאָנט.
האָסט די ווענט געוואָלט צעשפּאַרן,
געגאַרט אַרויס אין דרויסן.

האָסטו ווידער די אויגן פאַרמאַכט און דערזען :
יינגלעך, מיידלעך מיט פלאַקאַטן אין סאַן דאָמינגאָ ;
מאַרשירנדיקע יוגנט אין יאַפּאַן ;
סטודענטן אויפגעבראַכטע אין קאַליפאָרניע,
גרייטע פויסטן אין אַפריקאַנער לאַבירינט.

דו האָסט דערהערט :
דונערדיקע קולות דאָ און דאָרט און אומעטום ;
געשאַלט האָט שופר של משיח,
גערופן דיך, אַריינגעדרונגען אין דיין בלוט,
געמאָנט, געפאָדערט און פאַרלאַנגט.

האָסטו דיינע אויגן ברייט צעעפנט,
די לענדן אָנגעגורט
און ס'האָט געטראָגן דיך אין גאַס אַרויס
און האָסט אַ כאַפּ־געטאָן פלאַקאַט אין סאַן דאָמינגאָ,
מאַרשירט אַ טאַנצנדיקער אין יאַפּאַן,
געשפּרייזט מיט צאָרנדיקע טריט קיין וואַשינגטאָן,
די פויסטן אויפגעהויבן . . .
און ס'האָט דיין קול געברויזט, געבליצט,
דיין קעל געוועזן איז ווי אַ לאַווע
און גוף געוואָרן איז אַ פלאַקער
און אויג געוואָרן העלער פאַקל
און אַלץ אַרום — אַ פייער־בראַנד.

און מער וועט אויג זיך ניט פאַרמאַכן
און מער וועט רו דיך ניט באַהערשן.
און שווערסט ביי הימל, ערד און שטערן,
אַז וועסט דאָס שלעכטס פאַרטרייבן פון די רוימען,
אַז וועסט דעם מענטשן־מאָרד פאַרטיליקן אויף אייביק;
אַז וועסט מיט לעבן זיך באַהעפטן;
באַהעפטן זיך מיט בלויען האָריזאָנט,
מיט יוגנט־צוויט,
מיט קינדער־פרייד,
מיט ליכט פון טאָג,
מיט אַלץ וואָס לעבט
און בליט און שאַפט,
מיט אַלץ וואָס לעבט און ליבט.

# די אַסטראָנאַטן און מיין טאַטע

### 1.

ווי ס׳איז באַשערט געווען די אַסטראָנאַטן
צו שטעלן פיס אויף דער לבנה —
אַזוי איז אויך באַשערט געווען מיין טאַטן
אַריינצובליקן אין איר פנים
און דריי מאָל קעגן איר צו שפּרינגען
און זינגען:
„אַזוי ווי איך שפּרינג קעגן דיר
און קאָן קיין שלעכטס דיר ניט טאָן,
אַזוי זאָלן מיינע שונאים
קעגן מיר קיין שלעכטס ניט קאָנען טאָן.״

עס האָט טאַטע מיט די שכנים
אַרויפגעקוקט אין הויף צו דער לבנה
און זי מחדש געווען
און אויסגעשאָקלט זיינע טאַשן
און די הענט געוואַשן.
דערפאַר האָבן מיר, די קינדער,
געהאַט אַ חלק אין דעם טעלערל פון הימל.

### 2.

דער גרויסער נס פון דער אַפּאָלאָ עלף;
די העלדישקייט פון אַרמסטראָנג, אָלדרין און קאָלינס;
די שטעמפּלער פון די צייטן: קאָפּערניק, ניוטאָן, דאַרווין, איינשטיין;
די איינפלאַנצער פון גלויבנס: משה, יעזוס, בודאַ, מאַהאָמעד
און מאַרקס און לענין...
די וואונדער הערלעכע פון טעלעוויזיע
פאַר דיינע אויגן!
נאָר אין דער זעלבער וואָך
האָסטו געזען אויף איר:
נייע עופעלעך, ווי לבנות נייע,
אונטערגעוואָרפענע,

אויף שוועלן פון אַ קירך,
אויף אַ באַנק אין פּאַרק.
אומשולדיקע, טייערע עופעלעך,
אָן טאַטע־מאַמע, אין אַ וועלט פון שפע,
און ס'האָט געבעטן זיך די טעלעוויזיע:
„אָ, האָט רחמנות, גיט אַ היים
דעם צוגעקומענעם נייעם בירגער פון דער וועלט.״
ווען ערד האָט זיך דערנענטערט צו לבנה,
ווען וועלט צו וועלט געוואָרן איז אַ שכן.

און פינף הונדערט מיליאָנען מענטשן
האָבן זייערע בליקן צוגעשמידט
צו דעם כישוף פון אַפּאָלאָ עלף אויף טעלעוויזיע
און מענטשן האָבן מענטשלעך בלוט פאַרגאָסן
אין וויעטנאַם,
אין אַפריקע,
אין די אַמעריקעס,
ביים מדבר סיני...
און מיר טראַכטן שוין פון איינגעמען
דעם שטערן מאַרס
און מיר שרעקן זיך אַרויסצוגיין אין אָוונט
צו דעם שכן אויף אונדזער גאַס...

איז אפשר זאָלן די לבנה־אַסטראָנאַטן
זיך אָפּלערנען פון אונדזער טאַטן
און מיטזאָגן מיט אים:

„שלום עליכם, עליכם שלום!
אַזוי ווי איך שפּרינג קעגן דיר
און קאָן דיר קיין שלעכטס ניט טאָן,
אַזוי זאָלן מיינע שונאים
מיר קיין שלעכטס ניט קאָנען טאָן.״

## אַ שטיינדעלע

איך האָב אין טויטן־טאָל, אין קאַליפאָרניער מדבר,
זיך פּלוצלינג אויף אַ שפּיציק שטיינדל אָנגעשטויסן,
ווי ס׳וואָלט געבעטן זיך ביי מיר: אָ, הייב מיך אויף
און קיל זיך אָן אין מיר און נעם מיך צו פון דאַן.

אַ שטיינדעלע פון קוואַרץ, גראַניט, פון אייזן־אַרץ,
פון ראָסט־קאָליר, פאַרגליווערט בלוט און פינטל־ווייס.

אַליין געלעגן, אָפּגעטיילט פון הויפנס ברוך;
אַן אָפּשטאָם פון וואולקאַן, פון פייערדיקן ברויז;
פון הייסער, בריענדיקער לאַווע, שטויב און דרויב;
פון ערד־געציטער, אייז־געגליווער, מבול־צייט.

אַ לעבעדיקער גרוס פון פיל מיליאָנען יאָר,
אַ מאָנומענטן־פעלדז פון אָבות פון אַמאָל.

וואָס פאַראַ סודות קאָן דאָס שטיינדעלע אַנטפּלעקן ?
וואָס פאַראַ שטורעמס האָבן אויסגעקריצט די קאַרבן ?
און וויפל לעבנס ליגן איינגעפּרעסט אָט־דאָ ?
און וויפל אויגן ווינקען דאָס אַרויס צו מיר ?

ווי שפּיציק, שפּיזיק, וואַגיק איז דאָס שטיינדל קליין !
און ס׳האָט מיין טיפע קעשענע אַזוי באַשווערט,
ווי ס׳וואָלט געזאָגט: „אויך ברוכוואַרג האָט אַ ציל, אַ ווערט.
דו וועסט פאַר מיר אַ נוץ געפינען מיט דער צייט.״

איז הויז איז דאָס קיין פּוץ, קיין שיינדל ניט געוואָרן.
אַריינגעלייגט אין שיפלאַד, נוצלאָז און פאַרגעסן.

נאָר פּלוצלינג האָב איך זיך צום שטיינדעלע געווענדט.
געוואָרן זיינען טעמפּ די מעסערס אין דער קיך.
דער שטאַרקער אָרעם פונעם טיש געווען איז שוואַך.
און שטאָלצער שטאָל האָט זיך צום שטיינדעלע פאַרנייגט.

און כ׳האָב געשליפן יונגן שטאָל אין אַלטן קוואַרץ
און פּלוצלינג אויפגעלעבט פון שטיינדעלע האָט ס׳האַרץ.

און מעסערס האָבן אויפגעגלאַנצט מיט שמייכל־שאַרף
און מוסקול איז געוואָרן האַפערדיק און שטאַרק.

און שטיינדעלע פון טויטן־טאָל, פון מדבר אַלט,
געוואָרן חשוב איז אין קאַבעדיקער קיך.

און קליינינקער בית־עולם פון מיליאָנען יאָר,
וועט שאַרפן לאַנגע, טעמפּע מעסערס פונעם היינט.

# שטעל־אָפּ די שלאַכט!

דאָס שפּלדיקע גראָז נאָך גרינט אין האַרבסט,
ווען קרוינען־בלעטער וואַלגערן זיך אין מיסט אויף דר'ערד,
און וויפל מאָל דו פּילסט דו שטאַרבסט
ווען ווערסט מיט לאָרבער־קרענץ באַערט.
עס לויערט אומעטום די שווערד.

און ווי דער בוים און ווי דער זילבער־קוואַל
און ווי דער קלענסטער וואָרעם אונטער דיר —
עס קלאַפּט אַ דופק איבעראַל,
עס זינגט אַן אייביק ליד פון ריר,
געהיימע האַנט פון דעם באַריר.

נאָר מיט יעדן פינטל פונעם אויג
אַ קינד צעטראָטן ווערט, גייט־אויס.
דאָס גאַנצע וועלט־פאַרמעגן דיינס וואָס טויג,
ווען ס'קלאָגט אַ מאַמעס וויסטער שויס
און בראָך פון האַרץ איז גרויס?

עס עלטערט זיך די וועלט, נאָר ייִנגער ס'לעבן ווערט,
און לענגער איז דער טאָג און קורץ די נאַכט.
פון אַלע רוימען ריטם־רוף זיך הערט:
שטעל־אָפּ די שלאַכט, שטעל־אָפּ די שלאַכט!
פון שלאַבערדיקן שלאָף די ערד דערוואַכט.

פאַרוואָס האַרף לעבן ווערן דען פאַרלענדט?
ווער דאַרף דען זויפן מענטשן־בלוט?
אָ, זאָלן זיך אַ הייב־טאָן מחנות ריינע הענט,
און זאָל דאָס גרויסע האַרץ באַווייזן, אַז עס טוט
נאָר גוטס, נאָר גוטס.

ניט אין פויסטן־קנאַל, נאָר אין ליבן גלעט
ליגט דער העלדן־כּוח, הערשט די מאַכט,
ניט גענעראַל, נאָר זיגן וועט פּאָעט,
דאָס קינד פון שלום ליגט אין מוטערס טראַכט.
שטעל־אָפּ די שלאַכט!

ביסט אויסגעוואָקסן, ביסט אַ טאַטע און אַ זיידע שוין,
ווער האָט דעם קין־ (קאַיען) צייכן אויסגעטראַכט?
אַ לויב צום לאַכעדיקן לעבן איז דיין קרוין,
די פרייד פון נייע דורות איז דיין מאַכט.
שטעל־אָפּ די שלאַכט!

# עס טרעפט

עס טרעפט.
איך פיל, איך ווער באַהעפט
מיט וויסטער, ווילדער וועלט.
דער מענטש אין מיר געוואָרן איז פֿאַרשטעלט.
איך ראָיע, ווי אַ חזיר, זיך אין קויט,
פֿאַרשיכּור זיך מיט בלוט פֿון טויט.

מיין האַרץ איז האַרט — אַ קיזל־שטיין.
איך קאָן אַליין זיך ניט פֿאַרשטיין.
איך קריך אויף אַלע פֿיר, ווי פֿאַר דער אָדם־צייט.
כ׳בין ווייט פֿון מענטש, איך בין פֿון שכל ווייט.
עס ציט צום דזשאָנגל מיך צוריק.
איך שליידער זיך צום אָפּגרונט פֿון אַ הויכער בריק.
איך גלויב זיך קוים, איך בין געפּלעפֿט.
עס טרעפט.

עס טרעפט,
איך ווער באַהעפט
מיט בלומען־ביימער, מיט בליענדיקע רויזן,
מיט סאָסנע־וואַלד איך טו האַרמאָניש הויזן.
איך בין אַ יש צווישן טויזנט.

איך חבר זיך מיט זון און רעגן.
דאָס ליכט פֿון טאָג איז מיין פֿאַרמעגן.
כ׳דערקען אין מענטשלעך פּנים מיין משפּחה;
עס גייט אין לעבן מיר זיין מערכה;
ווי קינדער זיינען אַלע אונטער מיין השגחה.

דער ים איז מיר אַן אייגן וואַסער;
דער העכסטער באַרג־שפּיץ — מיין טעראַסע
פֿון וואַנען איך באַטראַכט מיין וועלטל.

נאָך אַ שטורעם וועט אַ פֿייגעלע אַ טרעל טאָן,
נאָך אַן אורהאַגאַן וועט זון אַ העל טאָן.
פֿון דאַנקבאַרשאַפֿט וועט אַ הונט מיך לעקן.
עס וועט נאַטור דעם מענטש אין מיר דערוועקן.
איך פֿיל איך בין מיט גוטער וועלט באַהעפֿט.
עס טרעפֿט.

עס טרעפֿט —
איך ווער מיט מענטשן־פֿרייד באַהעפֿט.
איך פֿריי זיך מיט די מייסטער־הענט פֿון אַ רעמבראַנדט.
עס שטרעקט נאָך משה אויס צו מיר אַ פֿרייהייט־האַנט.
ס'פֿאַרזיכערט מיר דעם מאָרגן איינשטיינס פּנים
און מאַרקס און דאַרווין לעבן איבער אַלע שונאים.
די ביתן דריי — בעטהאָווען, בראַמס און באַך,
זיי טרייסטן מיך אויף זייער שפּראַך.

און ליכטיק ווערט מיר אין מיין ווינקל,
ווען שלום עליכמס לשון גיט אַ פֿינקל.
און ס'וואַקסט אין מיר דער דרך־ארץ,
ווען ס'קומט צוגאַסט ר' יצחק לייבוש פּרץ.

איך פֿיל איך ווער מיט פֿרייד באַהעפֿט.
עס טרעפֿט.

# פ אַ ר ט אָ ג ן

כ׳האָב ליב אַזוי די שטילקייט פון פאַרטאָגן,
ווען אויסגעצוואָגן
עס האָט דער קאָם — די נאַכט — שוין דעם אַרומעט
און אויסגעטראָגן
דאָס ניי־געבאָרן לעבן האָט די ערד.
און כאָטש ס׳איז לופט נאָך אָנגעזאַפּט מיט אומעט,
אַנטשטומט געוואָרן זיינען די געקלאָגן.

און דו אַליין, באַפרייט פון נאַכטס יסורים,
ווערסט אויסגעפורעמט
פון דעם פאַרטאָג צום מאָרגן נייעם, ריינעם.
דו זעסט דעם טורעם,
וואָס ליכט פון טאָג וועט שטעלן אויף דער ערד
און דו וועסט אויסשטרעקן די הענט די קליינע
צו שיצן זיך ביים אָנקומען פון שטורעם.

עס ליגט אַ קילער כישוף אין דערוואַכן;
ווען אַלע זאַכן
אַרום דיין זיין זיך האָבן אויפגעלייזט און איינגענורעט
אין שרעק פון קראַכן,
וואָס ברענגט די פינצטערניש אויף אונדזער ערד
און כאָטש עס האָט אין אינגעווייד געבורעט,
דו האָסט אין דעם פאַרטאָג דערהערט אַ לאַכן.

אָ, וויפל מאָל האָט ענד פון טאָג דערשראָקן!
דו ווערסט אַ זקן,
וואָס פּלוצלינג זעט פאַר זיך דעם לעצטן שאָטן.
דו הערסט די גלאָקן
פון טויט, וואָס הילכן אָפּ אויף דער גאָרער ערד.
דו האָסט געמיינט דו ביסט אין אים געראָטן
און ס׳וועט אויך דיך פריצייטיק סוף פאַרלאָקן.

אָ, וויפל מאָל עס האָט מיט דיר געטראָפן:
דו קאָנסט ניט שלאָפן;
געוואָרן איז אַ שלאַכטפעלד דיין געלעגער;
דיר דוכט — אָן סופן
דיך פייניקן די דאגות פון דער ערד.
עס צילט אין דיר די פייל געהיימער יעגער,
נאָר ביסט צום שוץ פון דעם פאַרטאָג דערלאָפן.

פון דעם פאַרנאַכט דו הערסט דאָס שווערע טרעטן.
דאָס איז אַ שפעטן
פון דעם וואָס גייט אַהיים מיט פולע קוישן,
אָנשטאָט אַ גלעטן
פאַר מי וואָס ער געשאָנקען האָט דער ערד,
באַגלייט ווערט ער מיט טומל און מיט רוישן,
ווען אַלץ אין אים אַ רגע רו בעטן.

אַזוי, ווייזט אויס, איז שוין פון וועלט דער סדר.
עס שרעקט כסדר
די פינצטערניש פון נאַכט און אירע שטאַנגען.
די ווענט פון חדר
ניט ווערן טייל באַשטענדיקער פון ערד.
מיר ווערן פון אַ מאָנסטער מאַכט געפאַנגען,
מיר הערן ווי עס שורשען שוואַרצע קליידער.

און ווי עס צילט אַ יעדעס קינד צו מאַמען,
אַזוי צוזאַמען
מיר ווילן זויגן ליכט פון הימלס לאָדנס.
עס שטאַרן שטאַמען

ווען ס'נידערט דער פֿאַרטאָג אַראָפּ אויף דער ערד
מיט פֿרישע, יונגע העלקייטן באַלאָדן,
וואָס לעבן־אויף די טויטע פּאַנאָראַמע.

דערפֿאַר האָב ליב איך שטילקייט פֿון פֿאַרטאָגן,
ווען אויסגעצוואָגן,
ווי קינדיש קעפּל, איז דער נייער מאָרגן.
אין רוים זיך טראָגן
די גוטע בשורות פֿון צעפּראַלטער ערד
און גרינג, ווי בלומען־בלעטלעך, זיינען זאָרגן
און דו אַליין ווילסט וואווילע ווערטער זאָגן.

# ס י ג נ אַ ל ן

## .1

אַ מעטעאָר איז שווייגנדיק אַראָפּגעפֿאַלן.
ער האָט זיין סוד פֿאַר קיינעם ניט אַנטפּלעקט.
געוואָיעט ווילד עס האָבן קעגן אים שאַקאַלן,
געזונגען סערענאַדעס האָבן נאַכטיגאַלן,
געשושקעט האָט זיך דער אַרום פֿון שרעק,
צי שיקט ער ניט אַרויף אַהין געהיים־סיגנאַלן.

## .2

ווי פֿעסט געווען איז פֿונדאַמענט פֿון שווערן באָדן
אויף גרינער און געטרייער מוטער־ערד!
נאָר פֿלוצלינג האָט זיך איינגעוויד אין איר צעזאָדן,
די פּעק פֿון דורותדיקע יאָכן אויסגעלאָדן,
און זיכערקייט פֿון אייביקייט צעשטערט
און אָפּשאַצן האָט קיינער ניט געוואַגט דעם שאָדן.

און ס'האָבן חיהשע ניטדאָאיקע סיגנאַלן
דערטראָגן זיך מיט שוידער פֿון דער טיף
פֿון אָקעאַן — צעבריוזטע כוואַליעס אין ספּיראַלן,
וואָס האָבן זיך ווי בייטשן טויזנטער צעקנאַלן,
ווי ס'וואָלט די ערד געטאָן מיט אים אַ שטיף.
אַ וואַנזין־ווייַ איז אַלעמען אַצינד באַפֿאַלן.

## .3

דו האָסט אַרייַנגעזאַפּט די שלאַקסנדיקע רעגנס,
וואָס האָבן זיך געיאָגט אין גרויס געאייל.
זיי האָבן דיר פֿאַרשטעלט דיין גאַנג אויף אַלע וועגן,
געטראָגן שפּיזעלעך אין פּנים דיר אַנטקעגן,
ווי ס'וואָלט געשאָסן אימעץ פֿייל נאָך פֿייל.
און דורכגעווייקט איז דער אַרום פֿאַר דיר געלעגן.

עס האָט דיך אויפֿגעשרויפֿט פֿון דונערן אַ קנאַלן,
עס האָט דיך דורכגעדרונגען ווייכער ווינט.
דאָס זײַנען דאָך געווען פֿאַרבאָרגענע סיגנאַלן,
וואָס וועלן טויערן פֿאַרזשאַווערטע צעפּראַלן
און אויפֿדעקן פֿון שוואַרצע היילן זינד
און גריבלען זיך און נישטערן אין כּף־הקלען.

.4

אָ, וויפֿל מאָל ביסטו אַזוי פֿאַרגאַפֿט געשטאַנען,
באַוואונדערט ווערטערלאָז דעם זונפֿאַרגאַנג,
און האָסט זיך אײַנגעהערט צום ריטמיש באַראַבאַנען
פֿון כוואַליעס אין די מזרח־מערבֿ אָקעאַנען,
וואָס האָבן דיך באַגלייט אַ לעבנסלאַנג;
דו האָסט געקוקט, געהאָרכט, געפֿאָרשט, נאָר ניט פֿאַרשטאַנען.

דאָס שיקן דאָך זיך איבער שטענדיקע סיגנאַלן
די שכנים אונדזערע פֿון ריזן מאַכט.
אין אויגנבליק — אין הימל שוועבן קאַטעדראַלן
און באַלד דערנענטערט זיך אויף זיי דער סוף פֿאַטאַלער
און ס'קומט דער שוואַרצער כּישופֿמאַכער — נאַכט
און אַלץ וואָס לעבט ווערט פֿון אַ שטומעניש באַפֿאַלן.

.5

עס האָבן שטילערהייט צעהעלט אין דיר געזאַנגען,
ווען ביסט בײַנאַכט אַליין אין פֿעלד אַרויס.
דו האָסט דערהערט אַרום אַזעלכע צויבער־קלאַנגען,
צום ערשטן מאָל אין טיפֿעניש, אין יאָרן לאַנגע,
אין חלום זײַנען זיי געקומען בלויז
און איצט אַנטבלויזט, צעברויזט גאָר לופֿטיקע פֿאַרלאַנגען.

געפֿינקלט האָבן דאָך די שטערן מיט סיגנאַלן
און אויפֿגענומען האָט זיי קלאָר די ערד.
באַלויכטן האָבן שוואַרצקייט גאָלד - און זילבער - שטראַלן,

געמורמלט ריטשקעלעך און קוויקנדיקע קוואַלן.
דו האָסט מיט אָפן מויל זיך איינגעהערט,
אַ הללויה האָט אין דיר געקומען שאַלן.

## .6

פאַרצויגן האָט אַ פייגעלע אַ פרישן ניגון,
געשטאַנען אויף אַ טעלעוויזיע־שטאַנג.
די דינע טענער זיינען העכער אַלץ געשטיגן,
זיי האָבן אי געוואַלט דערוועקן, אי פאַרוויגן
דעם קאָכיקן אַרום מיט דעם געזאַנג,
ניט איכה־טאָן, נאָר ליד פון פרייד און פאַרגעניגן.

די וועלט וועקט־אויף אַזוי דער פויגל אין פרימאָרגן,
אַזוי גיט ער צום אויפשוואונג דעם סיגנאַל
און ס׳טויכן־אויף די לעבנס וואָס פון נאַכט פאַרבאָרגן
און ס׳נעמען־איין אַ שלאָף דעם מענטשנס שווערע זאָרגן
און ווילד עס רוישט דער טאָג, אַ וואַסערפאַל,
און שיקט סיגנאַלן שוין צום קומענדיקן מאָרגן.

## .7

און איבער דיר און אונטער דיר, אין אַלע רוימען,
עס טראָגן זיך סיגנאַלן אָן אַ שיעור.
מען זוכט אַרום זיי, ווי אַ קינד דעם אפיקומן,
מען וויל געפינען זיי אין רויך פון ווייסן קוימען
און אומעטום דערפילט מען זיי׳ר באַריר,
און וואָרהאַפטיק געוואָרן זיינען שוין די טרוימען.

מען ציט די שטריקלעך פון דער וועלט, ווי מאַריאָנעטן.
וואו זיינען זיי די צויבערדיקע הענט,
וואָס שטויסן־אָפּ און רייסן־אויף און פאַרגלעטן ;
וואָס פאַנגען דיך אין צאַם, ווי מעכטיקע מאַגנעטן.
דער דאָרן ווערט אין פלאַקער ניט פאַרברענט,
עס קאָנען באַמבעס ס׳קליינע קעפל ניט צעפלעטן.

## .8

פון יאָרן טויזנטער עס וואָרענען דיך סיגנאַלן,
וואָס שטאַמען פון אייגן וואַרעם בלוט.
זיי דרייען זיך אין דיר ווי אויף די קאַרניוואַלן
פּאַיאַצן, מאַסקעס, דאַמעס פּוכקע אין וואוּאַלן.
און ווער עס טראָגט אַ מיצל, ווער אַ הוט
און ווער עס וויקלט זיך אין אַדערדיקע שאַלן.

וואָס מער עס הייבן־אָן די שוואַרצע האָר זיך גרויען,
וואָס קלאָרער ווערט פאַר דיר באַשטימטער כלל,
דערזעסטו ווי דער שניי פאַרוואַנדלט זיך אין טויען
און וואָלקנדיקע הימלען צירן זיך אין בלויען,
און דו אַליין ווערסט ליכטיקער סיגנאַל
פון פּיראַמידן וואוּקס און טורעמדיקן בויען.

# לאַסטן

אויף מיינע שמאָלע אַקסל טראָג איך שווערע לאַסטן.
כ'מוז שלאָגן זיך על־חטא און אָנהאַלטן דאָס פאַסטן.
אַזויפיל חובות בין איך נאָך דער וועלט גאָר שולדיק.
די זינד — זיי פאָדערן, זיי מאָנען אומגעדולדיק.
איך בויג אין דרייען זיך פון אַלע לאַסטן.

און וואו ס'האָט אויסגעפלאַצט צומאָל אַ שטורעם שוואַרצער,
אַ צי געטאָן האָט ער די סטרונעס פון מיין האַרצן;
און וואו עס האָט אַ פּליִיץ געטאָן אַ שטראָם פון טרערן,
עס האָט די זאָרג אין מיר גענומען זיך פאַרמערן
און טעג די ליכטיקע אַלץ מער פאַרשוואַרצן.

ניט פידל איז דאָס האַרץ, נאָר דונערדיקער אָרגל;
די טענער נעכטיקע זיך הערן ביזן מאָרגן.
ס'פאַרפאָלגט דיך עופעלע פון אינדיע מיט זיין הונגער;
ס'דערשרעקט דיך מיטן בייזן בליק דער מענטש דער יונגער.
דאָס קליינע האַרץ איז דונערדיקער אָרגל.

ניט דו געשיקט האָסט דיינע זין צום טויט אויף פעלדער,
ניט דו געמאַכט פון מאָרד און רויב האָסט גרויסע העלדן,
נאָר אָפּגעשטעמפּלט איז אויף דיר נאָך קינס צייכן
און זייער לעצטער גסיסה־רוף דיך טוט דערגרייכן.
ניט בלומען — קברים בליען אויף די פעלדער.

עס דראָט דער פּראָקוראָר, די צייט, אויף דיר זיין פינגער;
ס'באַטויבן דיך די איכה־קלאָגן פון די זינגער.
און דיינע אוצרדיקע, אויסדערוויילטע אָבות
די פאָלעס רייסן אָפּ און בעטלען גאָר נדבות.
אויף דיר מען טייטלט מיט די חוזק־פינגער.

איך וויל ניט מיד ווערן צו טראָגן גרויסע לאַסטן.
איך וויל זיך שטעלן קעגן שונא דעם פאַרהאַסטן.
באַשערט איז מיר צו זיין דער דויער פונעם בויער.
כ'וויל אויפפראַלן אויפסניי פאַרהאַקטע טיר און טויער.
כ'וויל טראָגן ווי אַ חוב אַ הייליקן די לאַסטן.

כ'וועל גוטמאַכן די עוולות — פאַר די נייע דורות;
אַליין ניט שרעקן זיך און אָפּשאַפן די מוראס.
כ'וועל אָניאָגן דערפאַר, וואָס כ'פיל זיך שולדיק, שולדיק.
כ'וועל צאַמען זיך אַליין און האַמערן געדולדיק.
עס וועלן בענטשן מיך די נייע דורות.

# ס׳וועט שוין שפּעט

ס׳וועט שוין שפּעט.
עס טרעט דער גיבור איבער
די שוועל פון מושב־זקנים.
מיר וועלן דאָך אינאיינעם
דערמאָנען דעם על חטא...
עס ווערט שוין שפּעט.

דער גרינער בלאַט אויף שטאָלצן דעמב
ווערט טעמפּ. ער קנייפּט די באַקן,
די פאַרב זאָל קנאַקן.
נאָר צימרינג, גאָלד און צונטער־רויט
דערווייטערט ניט דעם טויט.
עס גרייט זיין שוואַן־ליד דער פּאָעט.
עס ווערט שוין שפּעט.

איז לאָמיר ברייטער עפענען די אויגן
און איינזאַפּן דעם האָב־און־גוטס פון רוים.
און ווי אַן עופּעלע די זאַפּטן זויגן
און וואָר פאַרוואַנדלען אין אַ טרוים
און כוואַליעס־ברויז אין ווייסן שוים
און אין די שפּייכלערס זען די זעט.
עס ווערט שוין שפּעט.

איז לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר —
גאָר אויסגלייכן דעם רוקן.
טאָמער
וויל דער קונצנמאַכער אונדז פאַרצוקן,
טאָמער וויל אונדז אָפּשרעקן דער הפקר־יונג.
לאָמיר אים אַרויסשטעקן די צונג,
דער שווארצער שלאַק שיקן אַ גט.
עס ווערט שוין שפּעט.

איז זאָג: דער האַרבער האַרבסט דיר געפעלט.
ס'איז ניט דער סוף, דער עק.
ניט דורכנעמען ווי אַ קעלט
וועט דיך די שרעק.

אַזוי פיל פירות רייצן נאָך דיין גומען,
אַזוי פיל לענדער וואַרטן אויף דיין קומען.
גרייט פאַר דיר איז סופּער־דזשעט.
עס ווערט שוין שפּעט.

און אַז מען מאָלט פאַר דיר דעם אונטערגאַנג,
וויים, אַז שוין פון לאַנג
ביסטו דאָ איינגעוואָרצלט אינעם באָדן.
ניט פאַרהאַקן וועסטו אַלע לאָדנס,
נאָר ס'וועלן פינקלען העל די שויבן,
אַז די זון־שטראַלן פון אויבן
זאָלן טאָן אַ לעצטן גלעט.
עס ווערט שוין שפּעט.

און ווען ס'דערטראָגן זיך די הוילע טריט —
אַלץ שטאַרקער ציען זיך די פיס צום טאַנצן.
דו נעמסט אין וועג אַ קלוגן שמייכל מיט זיך מיט
און אַ זעקל פּאָמעראַנצן.
און ווי עס סך־הכל'ט דער פּאָעט
אין אַ ריטמישן סאָנעט,
אַזוי וועסטו אַ שעפּטשע טאָן, ווי אין געבעט —
עס ווערט שוין שפּעט.

# צ אָ ר ן

װען געעפנט האָבן זיך די שטאָרן
און אַנטפּלעקט די ליכטיקע קאַיאָרן
און אַנטרונען זײנען װײען און געקלאָגן
און דערהערט מען האָט אין זוניקע פֿאַרטאָגן
פֿײגלשע געזאַנגען און געלעכטער —
איז פֿאַרפֿאָרן
װינט אין קאָרן.

מיטאַמאָל אַ בלאָז געטאָן האָט האָרן:
ס'האָט באַװיזן זיך דער שװאַרצער אָרון;
הימל איז באַדעקט געװען מיט רויטע פּלאַכטעס
און פֿאַרצוקט די זון עס האָבן מאָרד־געשלאַכטן
און געררעװעט האָט בן־אָדם: שעכטן, שעכטן!
אָנגעװאָרן
האָב איך יאָרן.

װי די לעמער האָט מען מיך געשאָרן.
יעדן טאָג די פֿרייד האָב איך פֿאַרלאָרן
און פֿאַרװאַנדלט די פֿאַרטאָגן אין פֿאַרנאַכטן
און פֿון אויג געבליצט עס האָבן די פֿאַראַכטן
און געשטורעמט האָבן כװאַליעס בלוטיק רויטע...
דאַן געשװאָרן
האָט דער צאָרן!

פֿון דער נידער ביזן העכסטן גאָרן
האָט צעפֿלאַקערט זיך דער צונטער־צאָרן
און געצאַפּלט פֿיבערדיק עס האָבן גלידער
און אין רוים צעטראָגן האָט זיך דער האַרמידער
קעגן שװאַרצן אָרון, קעגן די װאָס טויטן —
קעגן יאָרן
װאָס פֿאַרלאָרן.

ס׳לעשן זיך וואולקאַנען — מיינע יאָרן;
אָפּגעקילטע לאַווע — מיין זכרון.
בייגן זיך די פּיס, די זיילן, צו דער נידער,
נאָר די הענט, זיי ביילן זיך אין פויסטן ווידער
און אין מאַטער־מוח ווערט געשפּליטער.
אָנגעוואָרן
האָב איך יאָרן.

אָנגעזאַפּט זיך האָט דער רוים מיט צאָרן,
ווי מיט זאַפּט פון רויטע פּאָמידאָרן
און עס פלאַטערן די פייערדיקע פאָנען
פאָדערן אַ חשבון, מאָנען און דערמאָנען
פאַרן בלוט געצאַפּטן, פאַרן לעבן ביטער,
פאַר די יאָרן
אָפּגעפאָרן.

ווי דער פּעכערדיקער פייער־דאָרן,
שפּרייט זיך העכערדיקער צונטער־צאָרן;
ווי אַ ברויזנדיקע לאַווע גרייט צום פּלאַצן,
ווי פון שטורעם־ים די כוואַליעדיקע טאַצן,
ווי פון שמשונס אונטער־ערד געציטער...
רייף געוואָרן
איז מיין צאָרן.

## צוזאַמען

עס לויערט הויך און העכער איבער מדברדיקן פלאַך
אַ באַרג אַ בייזער, ברוסטיקער, אַ מעכטיקער מאָנאַרך.
נאָר איינזאַם איז ער תמיד, אָפּגעזונדערט און אַליין.
אויף אייביק איז אַזוי פאַרגליווערט אים באַשערט צו שטיין.
עס קאָן זיך קיינער דאָך ניט אָנוואַרעמען אין האַרטן שטיין.

ניט ווייט פון אים, די ענגט אויף אַקסל, שטייען מחנות בערג.
ס'איז היימיש היימיש דאָרט. עס רירט אַ באַרג אין באַרג זיך נאָענט אָן.
ניט אַלע זיינען גלייך. עס זיינען פרעמד די שטאַמען.
עס האַלטן העכערע די קלענערע אין צאַמען;
ס'איז פריילעך דאָך — עס זיינען אַלע דאָ צוזאַמען.

די היץ איז מוראַדיק און גרויזאַם, אויפן באָדן וויסט.
אַרויסגעשטעקט האָט ערד אַן אויסגעברענטע, שטייפע צונג.
נאָר אין דעם לעבנלאָזן רוים — אַ פּאַנאָראַמע:
עס יאָגן זיך מוראַשקעס, ניט צו פאַרזאַמען
די אָפּטע טרעפונגען, דאָס האַלטן זיך צוזאַמען.

ווי ווייט און רחבותדיק איז שטח פונעם האָריזאָנט!
ווי דראָענדיק עס זיינען שווערע וואָלקנס, גרוי און שוואַרץ.
נאָר זון באַשיצט די שטראַלן־קינדער, ווי אַ מאַמע.
די זון פאַרגייט, ווי ס'זאָגט זיך אינעם ליד, אין פלאַמען;
צונויפגעקליבן האָבן פאַרבן זיך צוזאַמען.

ווי ס'ענדערט, ערגערט זיך די מראה פונעם אָקעאַן!
נאָר אַנדערש קאָן ער ווערן אויך — און רוען מאָנאָטאָן.
די כוואַליעס־זינגער איילן זיך צום ברעג, אין גראַמען;
עס ווערן נענטער דיר די ווייטע, ווילדע ימען,
ווען זעסט ווי ס'האַלטן זיך די וואַסערן צוזאַמען.

די וואַסערן, די וואַסערן, די זיגער קעגן ערד.
עס שלאָגט זיי אָפּ דער פעלדז, נאָר טראָפּנס זייִנען אייביקייט.
דאָך בראַוו עס שטרייטן זעמדעלעך, פּאַראייניקט שיכט נאָך שיכט
און קעגן ים־הגדול שטעלט זיך פּיצעלע געדיכט
און זינגט צום האַר זייִנעם, דער ערד, אַ ליד, אַ לויב־געדיכט.

האָסטו אַמאָל דערפילט די צוגעבונדנקייט פון בוים,
פון וואָרצל איינגעזונקען טיף, ביז קלענסטן שפּראָץ אויף שפּיץ?
ווי פעסט באַשיצן אים די אויסגעפּרוּווטע שטאַמען,
אַ וואַרע מאַכן צווייגן פאַר די בלעטער גראַמע.
אַ בוים איז אַ סימפאָניע, וואָס הייסט „צוזאַמען”.

פאַרנאַכט, ווען שוואַרצע שאָטנס נעמען־איין דעם טראָטואַר,
פאַרזאַמלען פייגלעך זיך אויף פולע צווייגן פונעם בוים.
זייִן גרינער בלעטער־לאַבירינט באַשירעמט זיי און היט.
ניטאָ אַצינד קיין אָרט פאַר פרימאַדאָנעס סאָלאָ־ליד,
מען רעדט פון האַרצן זיך אַראָפּ אויף פייגלשן יאַריד.

און צווישן די מצבות פון מיליאָנען טויטע יאָר
עס שפּרייזט אַרום דער אומרו־מענטש און זוכט און זוכט באַשייד.
ער איז דער בייוואוינער פון אַ גראַנדיעזער דראַמע.
אַמאָל איז מעשה פון דער ערד אַ סינאָראַמע,
אַמאָל אויך אַ ראָמאַן פון אַ קאַפּריזנער דאַמע.

נאָר וויפל ס׳ווערט צעפּויקט פאַר אים די גלאָריע פון אַמאָל,
דערפילט זיך איינזאַם דאָ דער מענטש, צווישן שטיין און שטאָל.
דאָס לעבן אונדזערס האָט זיך זייִנע מלא טעמ׳ען.
עס הערט ניט אויף דער ווינט זייִן וועקן, טאַראַראַמען,
נאָר מער ווי אַלץ וויל זייִן דער מענטש מיט מענטש צוזאַמען.

עס שלייכט די עלטער זיך אַריין, אַ וועטעראַן אַ גאַסט.
אַזויפֿיל שוין געזען, געהערט, און אַלעס דאָך פֿאַרזוכט.
האָסט אויסגעטיילט דיין גאָב — דיין ליבן און פֿאַרדאַמען.
אַנטרונען וערן האָט זיך דיר געוואָלט מסתמא,
נאָר האָסט געפֿעדערט זיך — צו זיין מיט מענטש צוזאַמען.

איצט זע איך דיך — געבויגענער מיט אַלטיטשקער דו שלייכסט.
זי הענגט זיך אויף דיין אָרעם אָן, דו טוליעסט זיך צו איר.
די לופֿט אַרום — זי וויל ניט איינמאָל דיך פֿאַרסמען,
מען דאַרף, מען מוז, די וועלט פֿון בייז און שלעכטס אויסראַמען,
און לאָמיר קעגן שונא האַלטן זיך צוזאַמען.

געפֿינסטו ניט קיין מיטל דאָך אין דאָקטאָרס מעדיצין,
געפֿינסטו ניט קיין פֿוץ אין יענע „גוטע, פֿרומע״ רייד.
דו בלייבסט אַ קינד, וואָס זוכט ביז לעצטער שעה אַ מאַמען,
ז'ער אָנהאַלט פֿון דיין זין, דער טעם פֿון אַלע טעמ'ען,
איז האַלטן זיך מיט מענטשן אייגענע צוזאַמען.

# די ערד — דער ייד

כ'האָב היינט אין בלאַט געזען אַ בילד פון קיילעך ערד,
אַ פּנים רונדיק און צעקאַרבט ווי ביי אַ זקן.
עס האָבן טיפע זאָרג די הויט און־ביין באַשווערט,
דער לעבער־בליק — צעשראָקן.

אין זעלבן בלאַט געזען האָב איך אַן אַנדער בילד:
אַ ייד דערציילט זכרונות האָט פון בערגען־בעלזען.
אַנטבלויזטער אָרעם מיט די נומערן — אַ שילד;
די באַקן־ביינער — פעלדזן.

עס האָבן בילד פון ערד און בילד פון ייד פאַרפאָלגט;
געוואָרן זיינען פלוצלינג ענלעך זיי ווי ברידער.
באַלאַנגט די ערד דען אויך צו אַ געפּייניקט פאָלק,
צעפליקט אויך — אירע גלידער?

אין רוים גענומען בילד פון ערד האָט אַסטראָנאַט.
ווי איינגעשרומפּן, נעבעכדיק איז זי געוואָרן!
געזאָגט האָט ייד: עס קומט, עס גייט אויף אונדז פאַראַט,
די ערד, זי איז פאַרלאָרן.

פאַרטרויערט איז אין בלאַט געווען דאָס בילד פון ערד;
דאָס פּנים פונעם ייד האָט אויסגעדריקט דעם צאָרן,
וואָס ס'האָט זיך אויער פון דער וועלט ניט איינגעהערט,
צום שאַל וואָס האָט געוואָרנט.

באַרימען מיר זיך דאָך מיט יעדן פלי אין רוים;
באַשיינפערלעך מיר זעען ווי ס'איז ערד צעלעכערט.
די רייד פון יידן טראָגן זיך פון יעדן בוים
און שרייען פון די דעכער.

# דער שוואַרצער נביא

## .1

פאַר מאַרטין לוטער קינג
זינג
אַ ליד פון טיפן צער, פון קלאָג.
זאָג :
אַמעריקע, דו ביסט אַ קאַרצער
פאַרן שוואַרצן.

דער נאָמען מאַרטין לוטער קינג
פאַרקלינגט
די וועלט מיט גלויבן אינעם מענטש.
געבענטשט
וועט זיין זיין אָנדענק איבעראַל.
דער קנאַל
וואָס האָט פאַרשטילט זיין קול,
האָט אויפגעריסן באַרג און טאָל.
און זאָל
דער הילך פאַרבלייבן אינעם אויער
און טרויער
פאַרוואַנדלט ווערן וועט אין צאָרן.
דער האָרן —
שופר פון באַפרייער
באַנייען
וועט די רייד פון מאַרטין לוטער קינג.

איז זינג
אַ ליד פון לייד און לויב
און הויב
דערצאָרנט, אויפגעברויזט
דיין פויסט.

.2

ניט אָפּגעשטעלט האָט ווייסער לינטשער
דעם מאַרש פון מאַרטין לוטער קינג.
די קויל וואָס האָט זיין האַלדז צעלעכערט,
ניט אַנטשטומט האָט דעם שאַל פון נביא,
ניט צוגענומען האָט די ערד זיין האַרץ.
עס קלאַפּט אין טירן פון דער וועלט
די פעסטע פויסט פון מאַרטין לוטער קינג.
עס דונערט קול זיינס פונעם הויכן באַרג
און רופט און רוישט און קלינגט:
איך האָב געזען אַ חלום וואָר...
אין ברודערשאַפט געגעבן האָבן זיך די הענט
די קינדער שוואַרץ און ווייס און ייד און קריסט
און ליבע שטראַלט אַרוים פון טענעסי און אַלאַבאַמאַ...

דער ייד אין מיר באַקלאָגט דעם שוואַרצן מאַרטין לוטער קינג.
ווי מיינע אייגענע האָט ער און זייניקע
דורכגעמאַכט אין דרום-דזשאָנגל
גיהנום פון מיידאַנעק און אָשוויענטשים.
מיר איז באַקענט די וואַנט פון געטאָ
מער פון ליידנדיקן שוואַרצן.

דאָס וואָרט פון נביא פון תנ"ך אַריינגעדרונגען
האָט אין רויטן בלוט פון שוואַרצן מאַרטין לוטער קינג
און אים דעם וועג געוויזן.

דער ייד אין מיר באַקלאָגט זיין טויט,
ווי אַ העלד געפאַלענעם פון וואַרשע־געטאָ.
זאָל צאָרנען פון מיין קעל דער אויסגעשריי:
ניט פאַרגעסן און ניט פאַרגעבן!

ניט אָפּגעשטעלט האָט לינטשער־קלעניק
דעם מאַרש פון מאַרטין לוטער קינג.
געאָרעמט גייט דער שוואַרצער נביא
אין פאָדערשדיקער ריי
מיט ווייסן חסיד זיינעם.
ער פירט צום חלום אויף דער וואָר,
צום לאַנד באַפרייט פון אַלע יאָכן,
צום באַרג וואָס שטראַלט מיט זיינע טרוימען,
צו זון וואָס שיינט אויף אַלע גלייך.
און ס׳שאַלט מיט זיג און פרייד דאָס קול
פון מאַרטין לוטער קינג.

## ווער ?

מיר וועלן גאַנצע וועלטן איבערקערן ;
דערהערן
וועט אונדזער קול דער גרונט פון אָקעאַן.
מיר וועלן צאַמען צאָרן־אוראַגאַן.

אַ שאָקל טאָן מיר וועלן העכסטע בערגער
און ערגער
וועט זיין דעם עקשן פון קדמונים אָן.
ס'וועט כורעים פאַלן שוין די מאַכט פון טראָן.

אין מדבר וועלן וואַסער־פאַלן שטראָמען
און תהומען
אַנטבלויזן וועלן זיך אויף אויבערפלאַך.
פון אייביקייט די פעסטונג ווערט צעקראַכט.

דיקטירן וועלן מיר דעם גאַנג פון טייכן
און וויכן
פון אונדז עס וועלן סודות פון נאַטור.
מיר וועלן אָנטאַפּן איר יעדן שפּור.

באַשטימען וועלן מיר די צייט פון רעגן
און פרעגן
עס וועט דערלויבעניש דער דונער, בליץ.
מיר וועלן זיין דער האַר פון קעלט און היץ.

ס'וועט ווערן וויסטער דזשאָנגל העכסט מאָדערן.
די שטערן
באַשטעלן וועלן זיך אין טעלעפאָן
מיט אונדז, צו זיין צוזאַמען אין סעזאָן.

אָ, יאָ. מיר וועלן וועלטן איבערקערן,
נאָר טרערן
פון מענטשלעך אויג וועט אָפּשטעלן דען ווער ?
ווער ווייסט דעם סוד פון שמאַרץ, וואָס ברענגט די טרער ?

# דאָס פּנים פונעם מענטש

דאָס פּנים פונעם מענטש איז אַ לאַמטערן,
וואָס לייכט אין פינצטערניש פון נאַכט.
דאָס פּנים פונעם מענטש איז אַ מילך־וועג שטערן,
וואָס מאַניעט מיט ניט־דאָיקע באַגערן
און כּישופט מיט זיין יוגנט־פּראַכט.

דאָס פּנים איז פון ערד דער גלאַטער שפּיגל,
וואָס בלייבט זיין אַלטן האַר געטריי.
דאָס פּנים פונעם מענטש דאָס איז דער זיגל,
וואָס ליגט אויף אייביק שוין פאַרריגלט,
נאָר שפּאַנט אַרום זיך פראַנק און פריי.

אַז וואויל צו יענע זעלטן־שיינע פּרויען,
וואָס פאַנגען מיט זייער אָנגעזיכט.
מען וועט זיי אַלע אוצרות אָנפאַרטרויען
און לאָזן שלעסער אין דער לופטן בויען
און וואַרעמען זיך אין זייער ליכט.

ווי וואָרהאַפטיק געווען איז אונדזער משה,
וואָס האָט באַשיידט זיין סוד פון בילד.
אָ, וויפל ווילדע וואַסערן עס רוישן
אין טיפעניש פון דיר און טובלען, טוישן
געמיט פון אויג פון ווילד צו מילד.

כ'בין איבער ווייסטע שפּיצן־בערג געפלויגן
און דאָרט דערקענט דעם מענטשן־בליק.
כ'האָב אין די פאַלדן פון אַ רעגנבויגן
דערזען באַוואונדער פון די מענטשן־אויגן,
וואָס האָבן אויסגעגלאָצט צום גליק.

דאָס פּנים פונעם מענטש אויף דער לבנה
פאַר יעדן איינעם איז דאָך קלאָר.
אויך זונען־אונטערגאַנגען אונדז דערמאָנען
די מענטשלעכע געזיכטער און פּאַסאַנען
פון נעכטיקן און נייעם דור.

און ווילסטו בלעטערן פון וועלט געשיכטע,
דאַן גריבל זיך אין מענטש־געזיכט.
אָט דאָ — אַליין געצילט זיך צו פאַרניכטן
און אָט — אַ נעם געטאָן זיך שלאַכטן שליכטן
און באַלד שטאָלצירט מיט בראַווער פליכט.

געפינסט די אייכמאַן־צורה אין אַ חיה,
די הויט פון פּנים אויף אַ שלאַנג.
די ענלעכקייט איז דאָ אין ווילדע סטאַיעס,
פון דזשאָנגל וועט דער מענטש זיך דאָך באַפרייען,
נאָר קין־ (קאַיען) שטעמפּל בלייבט אויף לאַנג.

דאָך איז דאָס פּנים פונעם מענטש געבליבן
דאָס שענסטע פון באַשאַף פון וועלט.
קיין גרעסער ליד האָט דיכטער ניט געשריבן.
אין קיינעם קאָן מען שטאַרקער זיך ניט ליבן,
ווי אין אַ פּנים וואָס געפעלט.

אַ נאָז און אויגן, ליפּן און אַ שטערן —
וואָס איז פאַר אייביקייט אַ ווערט ?
דער שמייכל — קרוין, די עכטע פּערל — טרערן,
די רייכקייטן פון וועלט צו אים געהערן —
צום פּנים — מייסטער־ווערק פון ערד.

# באָרוועס

געלאַכט און אָפּגעחוזקט האָבן אייגענע:
ווי פֿאַלט דיר איין זיך אויסטאָן באָר־וועס?
אַ מענטש אין יאָרן די זאָל נאָכטאָן קינדער...

דאָס גראָז אין פּאַרק איז טאַקע ווייך און גרין
און קילט מסתם די פּיאַטעס אַ מחיה,
נאָר וואו איז בושה, וואו? און וואָס וועט פֿרעמדער זאָגן?

נאָר כ׳האָב די שטראָף־רייד ניט באַנומען.
עס האָבן ווערטער אַנדערע גערעדט צו מיר
פֿון טיפֿער, אַלטער, קלוגער ערד גערעדט צו מיר
און דורכגעדרונגען מיך פֿון פּיס צו קאָפּ.

און אָפּגעצויגן האָט די ערד פֿון מיר די שימל־הויטן
און אויפֿגעפֿראַלט פֿאַרהאַקטע צעלן און קעמערלעך צעעפֿנט
און גרעזעלעך געמונטערט האָבן: ווייכער ווער און צאַרטער...
צי חיונה פֿונעם באָדן, ווער אַ טייל פֿון דעם אָרום,
צעשפּיליע זיך פֿון אינעווייניק און ס׳וועט דיר ווערן גרינגער,
באַהעפֿט זיך מיט דער נידער און דערפֿיל דיין אייביקייט...

און ס׳האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיין בליק
און כ׳האָב דעם מענטש אַרום באַדויערט,
דעם מענטש אין שוך־און־זאָק געפּענטעט,
ווי ענג איז אים און שטייפֿיק...

איך האָב דערחברט זיך מיט גראָז פֿון מיינע קינדער־יאָרן;
איך האָב געקוילערט זיך מיט חבר־ערד.
איך האָב דערפֿילט די וועלט אין מיינע פּיאַטעס,
איך בין געוואָרן שכן מיט דער טיף
און אַלץ אין מיר האָט זיך צעבאָרוועסט
און כ׳האָב פֿאַרשטאַנען בעסער דעם אַרום.
איך האָב אַ וועלט געוואונען אין אַ רגע,
איך האָב אַ נייע וועלט באַנומען.

# אַ צאָן

אַ וואָרנונג אין פֿאָראויס: עס האָט געשאָקלט זיך אַ טראָן...
אין קעניגרייך פֿון מויל — אַ קראַנקער צאָן.
פֿון פּנים האָט זיך אַ שמייכל אָפּגעטאָן.

אַ נישטיק ציינדעלע, נאָר וויטיק איז געווען גרויס.
דאָס לעבן ניט געלאָזן גיין פֿאָראויס.
געקומען איז זיין צייט — אַרויס, אַרויס.

גאָר איינגעוואָרצלט און באַפֿעסטיקט איז געווען ער שטאַרק,
ווי אויף דער רויטער ערד אַ ווייסער באַרג;
אַ פֿעלדז אַ שפּיציקער אויף פֿלאַך פֿון פּאַרק.

זיך שיידן ניט געלאָזט מיט היים זיינער, דאָס מויל.
עס האָט זיך בלוט געגאָסן דאַן, אַ גרויל.
געבליבן איז אַ וואונד, צעלעכערט, הויל.

דער גאַנצער גוף באַוויינט, באַקלאָגט האָט אויסגעהאַקטן צאָן;
דאָס לעבן זיינס געשטאַנען איז אין קאָן.
די מעשה לאָזט זיך אויס, די מעשה הייבט זיך אָן.

מיר אַלע זיינען דאָך, ווי ציינדעלע אין מויל פֿון וועלט.
מיט וואָרצלען אינעם רוים זיך איינגעשטעלט.
מיר שטעלן זיך אַנטקעגן טויטס באַפֿעל.

און ווי דער צאָן אין מויל, מיר ווילן בלייבן דאָ.
מיר האָבן גוטע פֿריינט זיך איינגעשפּאָרט.
זיי טרייסטן אונדז מיט גוטן וואָרט.

# האַרמידער

דו הערסט זיך איין צום ברויז פון ערד און איר האַרמידער,
עס פיבערט אויף אין דיר דיין גוף מיט אַלע גלידער,
דו ביסט אַ זשוואַווער טייל פון ריזיקן אַרום,
דו שוועבסט אין רוים, דו וועגסט אַ לויט —
נאָר גרינגער איז פון דיר דער טויט.

ס'איז בלויער פויגל שטיפעריש פאַרבייגעפלויגן,
עס האָט פאַר דיר דער שטאָלצער בוים זיך איינגעבויגן,
אין אויער האָט דער ווינט אַ סוד אַריינגעברומט,
און גוט געשמעקט האָט קעפּל קרויט,
נאָר ס'האָט געדראָט דער קאָפּ פון טויט.

עס האָבן נאָך געקלאָג צעטראָגן זיך געזאַנגען
און האָסט געלאָזט זיך מונטער אויפן וועג דעם לאַנגען
און אָרעמס האָבן זיך געשטרעקט, גערופן: קום.
באַגעגנט האָט דיך מאַרקס און פרויד,
נאָר אויך געגלאָצט האָט אויג פון טויט.

עס האָבן דיך געטרייע פריינט אַרומגערינגלט,
די ווייטיקן פאַריאָגט, באַצינגלט און פאַרקלינגלט.
דו האָסט אויף ערד דערפילט זיך היימיש אומעטום.
ס'האָט קינד־און־קייט זיך דיר פאַרטרויט,
נאָר איינזאַם בלייבסטו פאַרן טויט.

און נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט — דו ביסט געבליבן
און ביזן לעצטן אָטעם דיינעם ווילסטו ליבן.
און ווי דער גוף פון ערד דו ווילסט נישט ווערן שטום.
דו בליקסט אַרויף, דער הימל בלויט,
ער לאַכט זיך אויס פון שוטה טויט.

# צו אַ באַרג

כ׳וויל אָנקלאַפּן אין דיין טיר און דיך פרעגן,
ווער האָט פון דיר שטיקער פלייש אויסגעריסן ?
ווער האָט דיין פּרצוף אַזוי צעראַפּעט
און די אויסגעסטאַרטשעטע אַקסל צעהויקערט
און די האָר פון קאָפּ מיט די וואָרצלען אויסגעפּליקט ?

פאַרבאָרגן איז דיין עלטער, זי בלייבט אַ טיפער סוד
פון דור צו דור, פון וועקסל פון די צייטן.
דיין שטייפקייט דערנערווירט, דיין שווייגן פּראָוואָצירט.
עס ווילט זיך אָננעמען פאַר די שפּיצן־סקאַלעס
דיך, אַ טרייסל טאָן אַזוי
און ס׳זאָל דיין האַרץ אַ קלאַפּ טאָן ווי אַ זייגער
און ס׳זאָלן זיך אַנטפּלעקן די בילדער פון דיין עבר.

אָט־די פאַרמאַכטע לעפּצן דיינע שרעקן מיך, דערשרעקן
און ס׳דוכט זיך אויס אַז דו טראָגסט אין זיך אַ שנאה
צום נעכטן און צום היינט, צו מיר און צו מיין דור.

וואָס שטעקט אין דיר באַהאַלטן, בייזער באַרג ?
וואָס לאָזטו ניט קיין בוים באַשיינען דיך ?
קיין בלום דיין גוף באַצירן ?
נאָר טראָגסט אַ קרוין פון נאַקעטן גראַניט
און דיינע טיפע קנייטשן זיינען וואונדן־עדות
און דיינע פאַלדן דראָען ווי אַ מויל פון אַ קראַנקער חיה.

און ערגער נאָך פון אַלץ איז דיין שווייגן, שווייגן, שווייגן
נאָכאַנאַנד, אַזויפיל דורות אָן אַ שיעור.
און אויב עס דערטראָגן זיך אַמאָל קולות פון דיינע הויכן,
וואָיען די ווינטער־ווינטן קאַלט און פּראָסטיק,
ווי געיאָגט פון דיינע שטייפע שטיינער.

און אויב די זון קומט, ווי אַ פענצטער וואַשער,
אויסשקראַבען דיינע שויבן,
רוקן זיך באַלד אונטער די שוואַרצע שאָטנס, דיינע שטימונגען,
און פאַרוואַנדלען דיך אין אַ טרויער־פּראָצעסיע.

איז וויל איך אָנקלאַפּן, באַרג, אין דיין פאַרהאַקטער טיר
איינמאָל און נאָכאַמאָל און שטענדיק ווען איך קום צו דיר
און פרעגן דיך:
וועלכער אַכזר האָט פון דיר שטיקער פלייש אויסגעפּליקט ?
ווער האָט דיין ריזן־גוף אַזוי צעקראַצט און צעראַצט ?

און מער ווי אַלץ גאַר איך דערגיין פון דיר
די סודות פון דיין נעכטן, פון דיין היינט און פון דיין מאָרגן.
דערפאַר וואָס איך אַליין גיי אויס פון נייגיר
צו וויסן
וועגן מיין אייגענעם היינט, מיין נעכטן און מיין מאָרגן.

# מאַונט וויטני לאַכט

מאַונט וויטני לאַכט מיט שפּיציק־ווייסע, ווילדע ציין.
אין שטראָמען ציען זיך פאָרויס די לאַנגע ווייסע צעפּ.
וואויל־יונגעריש אַרויסגעשטעלט די אָפּגעקאַלכטע אַקסל;
דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט אין אַ באַפּוכטן וואָלקן;
די אויסגעשפּרייטע אָרעמס רימען זיך: „כ'בין אויסגעוואַקסן."

אין גלייכער ריי — די גרויע קאַטעדראַלן פון די האַי־סיעראַס,
וואָס אָטעמען מיט פרעסט, מיט אייז און זאַווערוכעס.
די זון באַזילבערט אַלץ ווי מיט אַ שפּיגל.
אַ שטאָלצער הויערט איבער רוים מאַונט וויטני.
ער איז אין דעם געוועט פאַר הויך אַרויס דער זיגער.

עס נידערן פאַר אים די ברוינע אַלאַבאַמאַ־בערג,
וואָס ליגן אָנגעשפּאַרט אויף שכנס פּלייצע און פּאָפּן,
ווי חיות פּרעהיסטאָרישע, פאַרשטיינערט אין גראַניט,
צעכראַסטעט אין דער ברייט, מיט פּנימער צעראַפּעט,
מיט שפּאַלטן פינצטערע, מיט לעכער אין דער מיט.

אַנטוישט און שפּלדיק עס ליגן אַלאַבאַמאַ־בערג.
דער העכסטער באַרג, מאַונט וויטני, שטייט מיט קאָפּ פאַרריסענעם
און חוזקט פון אַלטע בערג אַלאַבאַמאַ מיטן יונגן נאָמען.
נאָר ווען אַ וואָלקנברוך צעיושעט זיך אין די סיעראַס,
פון מאַונט וויטנים באַקן טייכן טרערן שטראָמען.

און אונטן גאָר, די בערג צופוסנס, לאַשטשעט זיך ווי אַ קעצל,
דאָס דערפל „סאָסנע איינזאַמע" און וואַרט אויף די טוריסטן.
עס בליט און שמעקט דער בעז, און אויבן זיינען פעלדזן וויסט.
און העכער נאָך, איז ווינטערדיק און גליווערדיק.
נאָר שעפּן נחת קומט אַהער טוריסט.

און איך, אַ קינד פון לאַדזשער פלאַך און דאַר און דלות,
בין מיט אַ פריינט געקומען דאָ אַהער, ווי אַלע.
זיך אויסגעצויגן אויף די בעטן פון אַ באַרג;
געשטאַנען אויפן ווייסן קאָפּ פון מאַונט וויטני;
געטראַכט: מיר קליינע מענטשלעך, מיר זיינען שטאַרק.

צוריקגעקומען זיינען מיר אין אָזונט אין „מאָטעל",
ווי זיגער איבער פעלדז און פראָסט און העכסטן באַרג־שפּיץ.
נאָר אין מיטן נאַכט מיך אויפגעוועקט האָט פּיינלעך קול —
געכאָרכלט האָט מיין פריינט... געקומען איז דער אַמבולאַנס...
מיין פריינט געשוועבט האָט צווישן טויט און לעבן אין שפּיטאָל.

דאָס דערפל איז געשלאָפן נאָך פאַרטאָג, געפינקלט האָבן די סיערא־שפּיצן.
מאַונט וויטני האָט אַרויסגעזויגן טיף די זונען־שטראַלן.
נאָר מיך האָט נאָכגעפאָלגט מיין פריינטס געפיין ביינאַכט.
און נישטיק־קליין בין איך געווען אין אָנגעזיכט פון בערג.

אין ווייסן קיטל אויבן האָט מאַונט וויטני שטאַרק געלאַכט.

# פּלאַנעטן

1.

מיר זיינען גרייט צו שיקן שטאַפּעטן
צו ווייטע שכנים אונדזערע — פּלאַנעטן.
מיר ווילן זיך דערנענטערן צו זיי,
דאָס פֿינקלדיקע ווינקעריי פֿאַרשטיין.

עס איז אונדז אויף דער ערד דאָ ענג געוואָרן.
משיח האָט געבלאָזן שוין זיין האָרן.
זיך אָנגעפּרעסן מיטן לעבנס־פֿאַרם...
וועט אפֿשר בעסער זיין אויף שטערן מאַרס.

עס האָט זיך מענטש פֿון אַטאָם־צייט צעגעגנעצט.
די עקן פֿון דער ערד פֿאַר אים — אַ קורצער גרענעץ.
איז אפֿשר וועט דער מוטיקער שטאַפּעט
אים ברענגען עפּעס גוטס פֿון אַ פּלאַנעט.

ער שיסט־אַרויף אין בלויען רוים ראַקעטן —
געצייג אין זיינע הענט, ווי מאַריאָנעטן.
עס כאַפּט־אַרום אַ פֿרייד, ווען טרעפֿסט אין ציל.
עס איז געוואָרן ווי אַ קינדער־שפּיל.

נאָר עמיץ רוימט־אַריין אַ סוד גאָר ניכטער:
ניט קינדערשפּיל איז דאָס, נאָר אַ פֿאַרניכטער.
מען קאָן דיך פֿלוצלינג אָפּווישן פֿון ערד.
איז ווערט דאָס האַרץ באַשווערט, דאָס אויג באַטרערט.

2.

עס לעבן זיך מענטשן אינאיינעם,
דאָס הויז האָט דערנענטערט די שכנים,
ניט צונעמען וויל מען ביי קיינעם.

דאָך וועט מען יענעם ניט געטרויען
און קעגן אים אַ וואַנט אויסבויען
און ביי דער טיר אַ הונט וועט וואָיען.

און ברידער גריסן זיך מיט שנאה
און בלוט פון אייגענע טוט רינען
און בלוט פאַרגאָסן ווערט בחנם.

וואָס דאַרף מען אין די הימלען פליען
און די שטאַפּעטן שטאַרק באַמיען,
ווען שטערן אין די אויגן בליען.

איז אפשר צייט די צוים פאַרברענען
און מיטן צווייטן זיך באַקענען,
מיט שכן דעם, מיט שכן יענעם.

.3

אַזויפיל טיפקייט אין אַ מענטשנס אויגן,
אַזויפיל רחבות אין זיין בלוט.
און גוט איז, גוט
וואָס עופעלע איז אָנגעזויגן
און זאָרגלאָז אין די אָרעמס רוט.

פאַראַן אַזויפיל צויבערדיקער וואונדער
אין וואוקס צעבליטן פון אַ קינד.
געשווינט, געשווינט
צום ערדיש לעבן מוטיק צוגעבונדן,
מיט זיינע מצוות, מיט די זינד.

אַזויפיל פערל אין אַ וואַסער־טראָפן
און גינגאָלד אין אַ הויפן ערד,
און טוי באַטרערט
די פעלדער אָנגעלאָדענע מיט סנאָפּעס,
מיט זעט פון שפע רייך באַשווערט.

צעכראַסטעטע ליגן אוצרות ביי די שוועלן,
פאַרמעגנס פאַלן פאַר די פיס
און זיס איז, זיס
פון קליינע פייגעלעך פאַרטאָגיק טרעלן.
פרימאָרגן וואַלד איז פאַראַדיז.

עס זיינען דאָ אין דיר אַליין פּלאַנעטן,
געליבטע וואָס נאָך ניט באַרירט.
איז עפן טיר,
זיי וואַרטן אויף דיין קוש, אויף דיינע גלעטן.
זיי האָבן גרייט דיין עליקסיר.

# דער אָקעאַן

.1

דער אָקעאַן
איז אַ פולבלוטיקער מאַן,
מיט תאוות, לעכצן און לוסטן.
ער יאָגט זיך נאָך רוים און נאָך רויב;
ביזן הימל אַליין זיך ער לויבט,
מיט ראַשיקע, רוישיקע קולות, פולברוסטיק.
ער מיינט ס׳איז קיין גרעסערס פון אים ניט פאַראַן —
אַזוי ווי אַ מאַן.

.2

ער כראָפּעט אין שלאָף ווי אַ מאַן,
דער אָקעאַן,
נאָר כאַפּט זיך אויף פּול מיט רציחה,
און דאַן איז די וועלט אים ניט ניחא.
ער וואַרפט זיך און ווירבלט און מאַכט ווילדע שטיק,
אַרויף און אַראָפּ ביז ער ברעכט דאָס גניק,
נאָר אַ גלעט פון דער זון־פרוי באַרואיקט אים דאַן,
אַזוי ווי אַ מאַן.

.3

געירש׳נט מלחמות, נקמות;
פאַרפאַלגן אים טויטע נשמות.
ער קאָן זיך ניט געפינען קיין אָרט.
ער טראָגט אויף די אַקסל די לאַסטן,
באַרימט זיך מיט דעראָבערטע מאַסטן,
ווי מאַטראָסן מיט מוידן אין פּאָרט.
נאָר ס׳ווערט ניט געזעטיקט דער אָקעאַן —
אַזוי ווי אַ מאַן.

.4

ער וויל ניט ווערן אַלט און גרוי.
אַזוי ווי אַ פּרוי
בייט ער פון כוואַליעקע האָר די קאָלירן.
אָט איז ער גרין און אָט איז ער בלוי
און הנדלט זיך ווי אַ פּרוי,
אַבי די געליבטע ניט צו פאַרלירן.
און שטענדיק האָט ער זיך אין זינען אַזוי,
ווי אַ פּרוי.

.5

ער בלאָזט זיך אָן אַמאָל אַזוי
ווי אַ פּרוי,
און שווער איז אויסצוקומען מיט אים, דעם אָקעאַן.
דאַרפסט האַלטן חשבון פון זיין „צייט" —
ביז ער ווערט צוריק אַ לייט.
נאָר ווערט היסטעריש ער, ניט ווי אַ מאַן.
ער קוויטשעט, ריטשעט, „אוי־ווייי" און „אוי" —
אַזוי ווי אַ פּרוי.

.6

ער גלאַנצט און שעמערירט,
ער סופּלירט און קאָקעטירט
און שטעלט זיך קיינמאָל ניט צופרידן.
ער וויל דערגיין פון ז י י ן דעם סוד,
די ממשלה איבער אים ווער ס'האָט,
ווער מאַכט אים שטיל, ווער הייסט אים זידן.
איז שטויסט ער אָפּ פון זיך און רייצט צו זיך אַזוי,
ווי אַ פּרוי.
נאָר וועלטיקן וויל ער, דער אָקעאַן,
אַזוי ווי אַ מאַן.

# די ערד דערציילט אַ מעשה

[ציקל]

## גליווער־קאַרניוואַל

ס׳פאַרפאַלגן מיך כסדר די מיליאָנען יאָרן —
די רויט־קאָלירטע וואָרנונגען פון יוטאַס בערג.
דו קאָנסט זיי ניט פאַרגעסן, וואו דו זאָלסט ניט פאָרן,
ווי ס׳וואָלט דיר נאָכגעשאַלט פון דאָרט אַ כישוף־האָרן;
דערמאָנען דיך אין אַלטן מייסטערס וואונדער־ווערק.

אָט־דאָ, אין שטאָט, עס הייבט דיך אויף צום הימלקראַצער
דער דריק פון קנעפּל דאָך כמעט אין אַ מינוט.
ווער קאָן דעם פלי אין רוים פון סופּער־דזשעט דען שאַצן?
ער ווייזט אין אויגנבליק די ערדישע פּאַלאַצן.
דו ביסט דער פּרינץ פון קיילעך־ערד און ס׳איז דיר גוט.

באַצווינגסט דעם ברודער־מענטש צו גיין אין שלאַכטן;
דו עפנסט־אויף אַ האַרץ און נייסט־עס־צו צוריק.
דו עפנסט־אויף די שימל־היילן די פאַרמאַכטע,
באַלויכטסט די וועגן אין די פינצטערע פאַרנאַכטן,
דו גריבלסט אין דיין „איך“ זיך צו געפינען גליק.

נאָר ווען דו גרייכסט די שאַרלעך־רויטע בערג פון יוטאַ,
פון בראַים דעם פאַרק די רייכע פאָרשטעלונג וואָס שטומט,
דאַן ווערן אויפגעברויזט־צעקילט אין דיר די בלוטן,
ווי ס׳וואָלטן אויסגעגלאָצט די אויגן די „ניט־גוטע“,
ווי ס׳וואָלט געפאַנגען דיך דער האָריזאָנט אַרום.

מיליאָנען יאָרן טוען זיך פאַר דיר אַנטפּלעקן
אין אַ פאַרשטיינערטן און גראַנדיעזן שפּיל.
פאַרגליווערטע, אומצייליקע אַקטיאָרן שרעקן,
זיי שטייען שטייף און שטאַר, נאָר האַלטן דיך אין וועקן
און שרייען ווילט זיך דיר, נאָר אַלץ אין דיר איז שטיל.

דער וויסנשאַפטלער ציילט די יאָרן פון ספּעקטאַקל.
עס זאַפּט דאָס אויג דיינס איין די שפּע פון קאָליר.
ווער האָט געקאָנט אַזוי די ריזן-בערג צעהאַקן?
אָט־דאָ דערזעסטו פון באַשאַפער דעם סך־הכל,
אָט־דאָ האָט ערד אַ פּראַל־געטאָן פון סוד די טיר.

עס שטייען שטום אין הינטערגרונט די פיל סטאַטיסטן.
אין צענטער פון די בינעס גרויסט זיך „סטאַר" נאָך „סטאַר".
וואָס איז געוואָרן פון די טויזנטער אַרטיסטן?
די זאַווערוכעס פון דער צייט געשאַפן מיסטן
פון די טעאַטערס האָבן און געמאַכט צום נאַר.

די קונסט און קינסטלער, שפּילער־שבט און באַזינגער.
געבליבן איז נאָר מיילן־לאַנגער מאָנומענט
פון רויטן קאַלך־און־קיזלשטיין, די ריזן־פינגער,
וואָס ווען דו קוקסט אויף זיי, אין דיר נאָך טיפער דרינגען.
זיי זאָגן: ס'איז פון אונדז געבליבן הויכע ווענט.

מיר צויבערן מיט ראַשיק־רייצנדיקע פאַרבן;
די צייט געמאַכט פון אונדז האָט גליווער־קאַרניוואַל;
באַקריצט אין שעלמיש־רעגנבויגנדיקע קאַרבן.
געשטאָרבן זיינען מיר. מיר וועלן ווידער שטאַרבן.
פון הימל אונדז אַראָפּגעשלעפּט אין כף־הקלע.

איר אַלע גלויביקע, איר זיניקע, איר אַלע.
אָ, קומט, אָ, קומט אין יוטאַס רויטע בערג אַהער.
עס וועלן אייך די זונען אייביקע באַשטראַלן,
עס וועלן אייך די עדות פון דער וועלט באַפאַלן,
דערציילן וועט אַ מעשה אייך מחבר־ערד.

## .2

## וויסטעניש מאָהאַווי (קאַליפאָרניע)

דער באָדן געל, די גרעזער ברוין, די בערגער ראָסטיק,
די היץ פאַרטריקנט גומען האָט, ביינאַכט איז פראָסטיק.

אַן אויסשטעלונג פון בערג אין לויטערדיקן רוים,
דו גאַפסט און גאַרסט באַגרייפן מדברדיקן טרוים.

עס שטייען בערגער דאָ ווי אַלטע קירכן־גלעקער,
אַ באַרג צעשפּאָלטן איז פון אַ געניטן העקער.

אַ שוואַנגעריקער באַרג האָט אויסגעסטאַרטשעט בויך
אַ שטרעק געטאָן האָט טורעם זיך צום הימל הויך.

און שוואַרצע בערג, ווי אָנגעצויגענע געשווירן
און בערג ווי בערן, רינאָצערן און טאַפּירן.

סאָלידע בערגער־קייט האָט וועג פאַר וועלט פאַרצאַמט.
עס טראָגט אויף ברוסט אַ שטאָלצער באַרג מעדאַלן זאַמד.

און צייט האָט אויסגעבויט דאָ בערג — פּאַלאַצן;
דעם הימל אויסגעלייגט אויף האַרטינקע מאַטראַצן.

געקאַרבטע אַלטע בערג פון נודנעם לעבן מיד,
קיין לעבעדיקע בריאה דאָ דערזעט מען ניט.

עס דראָען ווי מיט פויסטן די וואולקאַנען־שפּיצן;
אויף העכסטע פעלדזן שטיינערדיקע וועכטער זיצן.

עס טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון צייט אַ באַרג אַ ריז,
נאָר איינגעשרומפּן ליגט די ערד ביי זיינע פיס.

יהושוע־בוים פאַרשיקט אין וויסטעניש מאָהאַווי,
ער טראָגט דעם אורטייל זיינעם בראַווער פון די בראַווע.

אַ וועלט האָט דאָ געבליט, אַ וועלט האָט דאָ געקראַכט,
געבליבן איז די שטערנדיקע זילבער־נאַכט.

## 3.

## יוטאַ

רויז־קאַלירטע פּעטע ערד און מדבר־זאַמד און שטיין פון יוטאַ;
זילבער־שטראָמען פון די בערג און ברוינע וואַסערן אין טייכן;
אַרץ און קופּער־שאַכטעס אין די היילן, פולע פאַרמער־שפּייכלער;
פעסטע רויטע סאָסנעס איינגעוואָרצלטע אין טורעם־הויכן;
ווייטער פּיאָנערן־שטאַט פון יוטאַ שעפּט פון אַלדאָס גוטע.

דאָ האָט סקולפּטאָר־צייט פאַרקאַטשעט אַרבל און געשניצט די פעלדזן
און געפאַרבט זיי מייל נאָך מייל אין פלאַמיק־זוניקע קאָלירן.
שטיינער־בריקן, היילן, רעגנבויגן־טויערן פאַרפירן;
קאַטעדראַלן־שפּיצן אויסגעהאַקט די העכסטע בערג צו צירן.
ווייסן ניט טוריסטן וואו פון וואונדער פריער שטרעקן העלדזער.

שטאַט פון קעניאָנס, שטאַט פון בערגער־אָזערעס און מזל־ברכה,
דאָך האָט מענטש מענטש זיך ניט געפעדערט צו באַהעפטן מיטן באָדן.
איז דער איינוואוינער מיט שטייפן, שטרענגן שווייגן אָנגעלאָדן.
ס'איז פאַר אים דער נייער תושב ניט קיין פרייד, נאָר קוואַל פון שאָדן.
האַרט און איינגעקרעמפּעוועט איז די מאָרמאָנישע משפּחה.

פעלדער — גרינע האָריזאָנטן, וועלדער — ראָטעס אויסגערוטע.
זיגער און באַזיגטע פון מיליאָנען יאָרן דאָ זיך בייטן.
קעניאָנס האָבן אויסגעשטעלט די בילדער פריי פון אַלע צייטן;
קומען ווייסע, שוואַרצע שטורעמס אָן אויף רויטע בערג צו רייטן
ווי אַ ניט־געצאַמטער גיבור, ווי אַ מילדע מוטער — יוטאַ.

4

# דאָס אומשולד-טייכעלע

(דער „וואוירדזשין־טייך" אין „זאַיאָן פּאַרק" אין יוטאַ)

עס הויערן ווי מויערן די רויטע בערג אַרום,
זיי לויערן ווי וועכטער ביי די טויערן גאָר שטום.
זיי טורעמען און גרויסן זיך צום הימל גרוי און בלוי
און אונטן טיפן זיך די קעניאָנס טונקעלער אַזוי.

די שאַרלעך־רויטע ערד פון יוטאַס ציון פּאַרק,
וואו ס'קעניגט „ווייסער טראָן„ מיט מוראדיקן קאַרק.
די שפּיצן־פעלדזן — ברוין און בראָנז און ראָז־קאָליר,
מיליאָנען־יאָריק גרייזן־בערג מיט רויט באַצירט.

געזעמל פון גיגאַנטן, שטאָלץ און שטאָליק אויסגעשטעלט.
אָט־דאָ איז קאָפּ געהויבן, דאָ איז הימלדיקע וועלט.
און יעדער טראָגט אַ נאָמען דאָ, וואָס קלינגט אָפּ איבעראַל:
„דער באַרג פון זון", „דער טראָן"", „דער מאַיעסטעט",
„דער קאַטעדראַל".
און קומט אַהער דער מענטש, איז כאַפּט אים אָן אַ גרויל.
ער ציטערט אַז פאַרשלינגען אים וועט קעניאָנס מויל.
צעפּיצלען וועלן אים פון פעלדז די ריזן־הענט;
געפאַנגען איז ער צווישן צאָרנדיקע ווענט.

נאָר שמאָלערהייט, אַריינגעפּאַסט אַזוי אין זיילן שטיין,
עס פליסט זיך „טייכעלע פון אומשולד" שטילערהייט אַליין.
פון אויבן שפּעטן־אָפּ פון אים די פעסטונגען, די בערג.
ווער האָט דאָס קאַרליקל דען אונטן דאָרט אַמאָל באַמערקט?

עס מורמלט וואַסער, געלאַסן איז זיין גאַנג:
ווען נייגט זיך, בייגסט זיך אָן, באַנעמסטו זיין געזאַנג:
„ניט מיין, אַז שטענדיק בין איך קליין און שוואַך,
עס קומט אַ צייט, שטורעם אויבן גיט אַ קראַך...

די בערג די מעכטיקע צעכליפּען זיך אין וואַסערפאַל,
עס לאָזן זיך צו מיר פון אויבן טרערן איבעראַל.
עס קלאָגן טרויעריק די בערג, נאָך העכער אַלץ איך לאַך.
דער ווירדזשין טייך, די אומשולד צאַרט, געוואָרן איז אַ מאַכט.

איך קלאַפּ אין פעסטונג-טירן אָן און גרייך צום טראָן,
פון הערשער-בערג אַ חשבון פאָדער איך און מאָן.
איך וויג דעם וואָרצל טיף, דעם פונדאַמענט איך גראָב,
איך טראָג אויף מיינע אַקסל שטיינער דין און גראָב.

דער שטורעם איז פאַרביי, די זון באַרואיקט מיך און גלעט
און ווידער הייס איך „טייכעלע" און שלאָף אין שמאָלן בעט.
די אומשולד רעדט אַרויס פון מיר, איך זינג אַ שטיל געזאַנג.
פון אויבן שטאַרן בערג אַראָפּ און האַלטן מיך אין פאַנג.

איך וויש די ליפּן אָפּ און האָרך די פרומע לייט.
איך וואַרט אַזוי געדולדיק ביז עס קומט מיין צייט.
זיך כאַווערן מיט וואָלקנס איז די בערג באַשערט —
צו מיר געהערט די טרער, צו מיר געהערט די ערד."

## .5

## דער אַספּען-בוים

סאָסנעס האָבן ליב די טונקל, סאָסנעס האָבן ליב דעם שאָטן,
סאָסנעס האָבן ליב פון בערג די סאַמע הויכן.
לאָזט ניט דורך די זון-שטראַלן דער סאָסנע-וואַלד,
סודותדיק און פינצטער איז אין וואַלד און קאַלט,
ווי עס וואָלט די פרייד פון ליכטיקייט געווען פאַרבאָטן.

אויפֿן וועג צו דעם גרענד־קעניאָן, הויך, גאָר הויך, אין צפֿון,
דורך די סאַן־פֿראַנציסקאָ בערג אין אַריזאָנאַ,
זײַנען מיר אין העלן טאָג אַרויף אויף שליאַך
טונקל־גרין. פֿון בײַדע זײַטן — דעכער סכך,
ווילדער וואַלד פֿון יעל און סאָסנע, אָן אַ ברעג, אָן סוף.

פֿינצטער מײַל נאָך מײַל, נאָר אָט האָט אָנגעהויבן בלענדן
זילבער־פּאַס און זילבער־פּאַס דורך שווערע שאָטנס —
אַ געזעמל פֿון דעם ווײַסן אַספּען־בוים.
דורכגעריסן האָט די טונקל ווײַסער טרוים.
ס׳האָט צום העלן אַספּען אונדזער בליק געטאָן זיך ווענדן.

טונקל־רויטע סאָסנעס, שטײַף, געדיכט און אָנגעכמורעט,
מיטאַמאָל אַ ברייטער שמייכל פֿון די אַספּענס,
ווי אַ קרײַז פֿון יונגע כּלות אין געבלי,
ווי דורך שוואַרצע וואָלקנס העלער זון־צעבלי;
צווישן אָפּגעלעבטע זקנים — שײַנענדיקע צורה.

ווײַט און ווײַטער מוראדיקער סאָסנע־וואַלד געדיכטער,
נאָר די זילבערדיקע שלאַנקע אַספּענס לאַכן.
ס׳דוכט זיך, אַז די ווײַסע ביימער, קליין אין צאָל,
ווערן גאָר די באַלעבאַטים מיטאַמאָל
און זיי פֿלאַנצן גלאַנצנדיקע הויכע ווײַסע ליכטער.

שרעקן זיך ניט דינע אַספּענס פֿאַר די סאָסנע־ריזן,
לאַכן זיי זיך אויס פֿון דראָענדיקער פֿינצטער.
אומעטיקער בייזער קאַלטער אַלטער וואַלד —
מיטאַמאָל דער יונגער אַספּען איז צעשטראַלט.
ווײַסע פֿרייד באַהעלט דעם פּחד פֿון די שאָטן־מײַלן.

## .6

# צפון-ראַנד פון גרענד קעניאָן

(אימפרעסיע)

אויסגעפוצטע באַטאַליאָנען
שטיינער־פעלדזן.
ריזן טראָגנען
שטרעקן העלדזער.
פעסטונגען־פּאַלאַצן,
איינגעמויערטע סקעלעטן.
ליימיק־רויטע בעטן
פאַר שלאָפער־צייט.

שפּאַלטן פּלאַצן.
טעראַסן
ווי גאַסן
נאָענט און ווייט.
שטיין פון זאַמד,
שטיין פון ליים.
וועמענס היים ?

רויט און ראָסט,
גרוי און גרין,
זון פאַרלאָזט,
ווי אַ שפּין.
שאָטנס שוואַרצע,
ווי קאַרצערס.
פלעקן

קלעקן,
מעקן
די פּאַלאַצן.
קראַצן
סילועטן,
פלעטן
טראָגנען־קעפּ.

אַ לאַנגע שלעפּ
פון אַ פּרינצעסין
פרעסן
אויס די סקאַלעס.
דאַרע כלות
רויטלען זיך פאַרשעמט
אין דער פרעמד.
ווען שטעלט מען די חופה ?
די סלופּעס
שטייען גרייט און
אויסגעשפּרייט.

קלינג־קלאַנג !
פון מיליאָנען יאָרן לאַנג
פון גרענד קעניאָן
דאָס געזאַנג.

# סעקונדן

ווי לאַנג, ווי לאַנג האָט זיך געבויט דער פונדאַמענט פון ערד ?
צעשטערט
קאָן ווערן ער, צעשטויבט, צעדרויבט אין איינציקע מינוטן
לחלוטין.

ס'וועט עמיץ דוכענען און טאָן אַ פרומען פּרעפּל,
און ס'וועט אַ צאַרטער, ציטערדיקער פלינקער פינגער
באַפּעלעריש אַזוי אַ דריק טאָן גלאַטיק קנעפּל,
און קורצע רגע וועט מיליאַרדן יאָר פאַרשלינגען.

מיר ציילן שוין ניט מער די וואונדער און די וואונדן
פון דורות מעכטיקע פון איצט און אַלע צייטן.
געקומען איז די האַרבע הערשאַפט פון סעקונדן,
וואָס מאַכט אַ תל פון אַלע נאָענטן און ווייטן.

די וואונדער פון דער שטאָלצער פאַלמע ביי מיין הויז,
וואָס איז געשטאַנען נישטיק־קליין אָט־גאָרניט לאַנג.
אַליין האָט זי גענערט זיך און געוואָרן גרויס
און אַלץ אין איר געקלאַמערט האָט צום לעבנס־דראַנג.

די גרויסקייט פונעם פיצל־שפּערלינג ביי מיין דאַך,
וואָס פּילגערט און נערט איר אויסגעבויטע נעסט
און שרעקט זיך, ווי דער מענטש, פאַר פינצטערניש פון נאַכט
און ווייסט, ווי ער, די גרענעצן פון זיין פאַרמעסט.

דער וויינענדיקער שפּרייז פון ריז, דעם לייב אין שטייג,
דער טיפער צער, די שווערע שאַנד פון זיין געפאַנגען...
אַ יינגל שטייט דערביי און ווייזט דעם ריז אַ פייג
און ס'טיילט זיי אָפּ אַצינד דער שטח פון די שטאַנגען.

און הינטער זיי, אין קורצן משך פון דער צייט,
פאַרוואָרצלט זיינען טיף און עכט און ליב די שטאַמען.
עס האָבן זיך מיט זיי געגרויסט פאַר וועלט און לייט
די ביידע אָפּגעשיידטע, ציטערדיקע מאַמעס.

און אַלץ וואָס אָטעמט אויף דער רחבותדיקער ערד,
און הערט ניט אויף די זיסע זאַפטן אירע זויגן,
האָט זיך מיליאָנען יאָר צעפּרוכפּערט און פאַרמערט
און ס'האָט די שווערע לאַסט פון שפע זיך געבויגן.

געדולדיק, לאַנגזאַם, זאַמד אויף זאַמד און באַרג אויף באַרג,
צעוואַקסט זיך מי.
געאָרעמט, איז די לויזע וועלט געוואָרן שטאַרק
און זיך צעבליט.

און העכער פון די דעכער פון די בערג און רוימען
און טיפער פונעם גרונט פון ים און כף־הקלע,
האָט מענטש דערגרייכט דעם האָריזאָנט מיט זיינע טרוימען,
ס'האָט מענטשלעך אויג אַריינגעדרונגען איבעראַל.

און וואָס האָט ער דערפירט צום היינטיקן סך־הכל ?
עס האָט דער גולם זיינער זיך צעלאַכט און רו צעשטערט.
געוואָרן אָנגעזאַפּט איז מענטש מיט וואונדן, מכות;
אַ שלום־שלוה ווינקל ערגעץ ער באַגערט.

געבויט האָט ער דעם פונדאַמענט מיליאָנען יאָרן.
עס ווילט זיך ניט פאַרלאָשן ווערן אין סעקונדן.
מיר זיינען אויסגעגאַרט נאָך ליכטיקע קאַיאָרן,
מיט פעדים מיליאַרדן ערדיש צוגעבונדן.

און אַלץ וואָס לעבט און ליבט און לויטערט אויף דער ערד
ווערט
אַ שותּף אונדזערער און קומט אין ראָד אַריין —
צו זיין.

אויף אַלע אייביקייטן איז פאַרשריבן,
אַז ס'איז דער גרעסטער וואונדער איבער וואונדער,
וואָס נאָך מיליאָנען יאָרן איז געבליבן —
פון לעבן די סעקונדן, די סעקונדן.

# אין אַ פֿאַרנאַכט

די קילקייט פֿון דעם זומערדיקן בין־השמשות,
ווען אַלץ אין דיר נאָך רו און שטילקייט גאַרט;
ווען מידקייט זאַפּט זיך איין אין בלוט, ווי טריבער נעפּל;
ווען די געטרייע אויגן קלעפּן זיך און קלעפּן
און אויסגעלעכצט איז גוף נאָך עפּעס צאַרטס.

ווען וועלט אַרום איז אויך שוין מאַט פֿון דעם גערודער,
און וויל איר קאָפּ אַ לייג טאָן אויף אַ שוים.
ווען ביימער נייגן זיך צו זיכערדיקער נידער
און שאַרנדיקע שאָטנס ציען אוים די גלידער
און ס'ווערט די ערד פֿאַרוואַנדלט אין אַ הויז.

אָט דאַן קלאַפּט־אָן אין טיר דער טויבלעכער סך־הכל,
און שטרעקט די ביינערדיקע פֿינגער אוים,
און ס'שטעלן־אוים זיך אַלע שולדיקע און זינדער
און טאַפּן־אוים דעם וועג מיט שטעקנס, ווי די בלינדע,
און עמיץ גיט דיין „איך" אַ שטאַרקן שטויס.

דו זעסט, ווי ס'האָט די גאַנצע וועלט געטאָן אַ ציטער;
די היץ געשלאָגן האָט, ווי אויסגעשריי.
און בלוט, אי רויט, אי ווייס, כסדר האָט גערונען
און איינער האָט דעם צווייטנס שמייכל ניט פֿאַרגונען,
און ס'טראָגט זיך איבער לופֿט דער ווייטיק־ווײ.

ווען ס'איז דאָס שווייגן פֿון פֿאַרנאַכט, ווי ערב־שטורעם
און ס'הילכט אַרום, ווי זעגעכץ אין אַ וואַלד.
און איבער דעכער פּייקלט פֿלוצלינגדיקער האָגל.
דו פֿילסט, ווי ביסט פֿון טאָג געוואָרן צוגענאָגלט
און קלוג געוואָרן ביסטו גאָר — און אַלט.

דו ווילסט באַנעמען זין פֿון בייט און בין־השמשות.
דו האָרכסט זיך איין צום קול וואָס גרייכט דיך קוים.
דו הייבסט די מידע הענט צו הימלדיקע רוימען,
וואו וואָלקנדלעך זיך מערן, ווי ביים ים די שוימען —
און ס'קומט צו־גאַסט צו דיר אַ ליבער טרוים.

# נעפל־האָרן

אַ גאַנצע נאַכט מיך האָט געוועקט דער נעפּל־האָרן,
ווי ס׳וויינט אַ מאַמע־קו נאָך קעלבל אין דער שטאַל;
ווי ס׳קלאָגט דאָס האַרץ נאָך לעבנס וואָס פאַרלאָרן;
ווי ס׳וואָלטן מיטאַמאָל פון איבעראַל
צוריקגעקומען יענע יאָרן.

פאַרשטעלט דעם ים עס האָבן גרויע קאָלוירן
און הינטער זיי געדראָט האָט מוראַדיקער סוד.
און מאַנאָטאָן געוואָרנט פון געפאַרן
אַ הילפלאָזער דער נעפּל־האָרן האָט
און דורך מיין וואַנט געגומען שפּאַרן.

און אפשר האָט אַ מענטש פון טיפן תהום כסדר
אַרויסגעלאָזט דעם וואָיענדיקן טרויער־רוף.
איך בין געוואָרן וואַכעדיקער עדות;
עס האָט אַ שויץ געזוכט מיין גאַנצער גוף
און ענג געוואָרן איז מיין חדר.

און אָטעמלאָז און מוראדיק איז נאַכט געוואָרן
און אַלץ אַרום געזוען איז פינצטער, שטאָק און בלינד.
און ערגעץ האָט אַ וועלט איר זין פאַרלאָרן;
און אין דעם נעפלדיקן לאַבירינט
פאַרצווייפלט האָט גע׳שופר׳ט האָרן.

און אויפן ים געהויערט האָבן גרויע שטאָרן,
ס׳האָט נעפּל־נישטיקייט פאַרוויקלט דעם אַרום,
ווי ס׳וואָלטן ניט געזען אַמאָל קאַיאָרן,
ווי ס׳וואָלט זיך אַלעמאָל געהערט דער ברום
פון בעטנדיקע בעטלער־האָרנס.

# ווער ?

שטרעקן ליבלעך אוים די הענטלעך צו דער זון די בלומען,
ווי אַ גאַסט אַן אָנגעלייגטער וואָלט צו זיי געקומען.
טרויעריק פֿאַרמאַכן זיי זיך אין פֿאַרנאַכטן.
זעט דער מענטש די וואונדער, גיט אַ קלער —
ווער האָט זיי געבראַכט צום לעבן, ווער ?

שמייכלט ניי־געבאָרן קינד און טוט אַ וועלט דערפֿרייען ;
לויכטן אויף די פּנימער און ס'לאָזן אָפּ די ווייען.
קינד, דו ניט־פֿאַרשטענדלעכס, קינד, דו ניט־באַהאָלפֿנס —
וועלכע קראַפֿט איז דיר אויף ערד באַשערט ?
ווער האָט אַנגעגליט דיין שמייכל, ווער ?

יאָר נאָך יאָר דו גאַפֿסט ווי הערלעך זיינען זון־פֿאַרגאַנגען ;
טאָג נאָך טאָג דו גאַרסט פֿאַרשטיין די פֿייגלשע געזאַנגען.
ברייטער עפֿנט זיך דיין אויג מיט וואוקס פֿון גרעזל.
רייפֿער ווערט פֿון טאָג־צו־טאָג באַגער.
ווער האָט אַנגערייצט פֿאַרלאַנגען, ווער ?

דיינע בלוטן טוען וועלט אין פֿייער־רויט באַפֿאַרבן ;
דיינע אוצרות וועלן מאָרגנדיקע דורות אַרבן.
דיינע וואונדער־אויגן וואַנדערן און פֿרעגן :
ווער האָט אונדזער ערד מיט טרער באַשווערט ?
ווער איז מייסטער איבער רוימען, ווער ?

# אַ הונט, אַ קאַץ...

אַ פרעמדע ראָבע קאַץ האָט מיך געפּאָרשט,
אין פּנים מיינעם פריינטלעכקייט דערשפּירט
און פאַרזיכטיק דערנענטערט זיך צו מיר
און אָפּגעזוּאַרט האָט זי מיך ביי מיין טיר.

כ'האָב אין פרימאָרגן אָן אַ ציל שפּאַצירט
אויף איינזאַמען און האַרטן טראָטואַר
און פּלוצלינג האָט צו מיר זיך צוגעשאַרט
אַ ברוינער מאָפּס מיט אויגן פול פון צער.

ער האָט דעם רונדן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט,
איך האָב די גלאַטע פעל געטאָן אַ גלעט
און שטומערהייט האָט ער צו מיר גערעדט.
באַגלייטן מיך שוין יעדעם מאָל ער וועט.

אַ בלויער פויגל האָט גענישטערט שפּייז
גאַנץ פרי אויף דער וועראַנדע פונעם הויז.
ער האָט געקוקט ווי כ'שפּרייט די ברעקלעך אויס,
און זיך גערוקט צו מיר פאָראויס, פאָראויס.

עס האָט באַדאַנקט מיר באָדן אונטער מיר,
ווען כ'האָב באַוואַסערט טרוקן שטיקל ערד,
וואָס האָט פאַר פרייד דאָס גרוי אין שוואַרץ באַקערט
און כ'האָב געזונטן אַראָמאַט דערהערט.

אַ הונט, אַ קאַץ, די אַלטע קלוגע ערד,
די זעלבע זון, וואָס אַלעמען באַהעלט.—
נאָר פון געבוירן אָן מיר עפּעס פעלט
אויף דער מיט-אַלדאָס-גוטס געשטאָפּטער וועלט.

איך טראַכט: אַזויפיל יאָרן אָפּגעלעבט
און ס'האָט ניט אָפּגעטאָן זיך אונדזער שאַנד.
עס שטרעקט נאָך אַלץ ניט אויס אין יעדן לאַנד
אַ מענטש צו מענטש אַ מענטשלעך גוטע האַנט.

# פויסטן

עס קלאַפּט די מאַמע זיך
מיטביידע פויסטן אין קאָפּ,
ווען זי פאַרלירט איר קינד,
ווי ס'וואָלט געווען איר שולד.

דער זינדיקער זיך קלאַפּט על חטא
אין אייגן האַרץ אַריין
און שלאָגט זיך מיטן שונא,
וואָס ליגט אין אים פאַרטייעט.

דאָס זיבן־יעריק קינד
האָט זיך פאַרפּאַנצערט
קעגן ערשטן שונא זיינעם,
מיט די קליינע פויסטן.

און ס'האָט מיין אָרעם פאָלק
געזעצט מיט פויסטן אין דער ערד,
צעבלוטיקטע אויף שטיין־גראַניט,
צעריסענע פון ווייטיק און פון פּיין.

איז ערד געווען אַ טיר
פאַרשלאָסן און פאַרריגלט;
איז פאָלק אַ פויסט געווען,
וואָס האָט צעפּיצלט שפּיגל.

איז פויסט — שליח צו דער וועלט,
פאַר אייביקייט אַ זיגל;
איז פויסט דער אויפברויז
פון צעשפּרייטע פליגל.

דער לעצטער ווידערשטאַנד
קעגן טויט אַנטבלויזטן —
ווען עס הויבן זיך
די פויסטן.

# פּאַרטיליק און פּאַרלענד

פֿאַרטריבן האָט די גאַס, געלאָקט האָט היים די שטילע
און ווי אַ מאַמע איינגעוויגט האָט שלאָף.
נאָר אומגעריכט — פֿאַר וועלכע זינד און שטראָף? —
האָט אויפֿגעוועקט דיך אַ פֿאַרהוילן מעקען, בילן,
פֿון וויסטע, גאַלאָפּירנדיקע שאָף.

דאָס האָט דער ווינטער־ווינט געבושעוועט ביינאַכט
און זיך פֿאַרמאָסטן אויף די ציגל־ווענט.
דו האָסט אין אים דאָס ווילד געוואָי דערקענט
פֿון מחנות קריגער, אויפֿגערייצט פֿון בלוט און שלאַכט,
וואָס האָט זיך היים צעפֿלאַקערט און צעברענט.

דו ביסט געווען באַשיצט אין שטוב דיינער, דער פֿעסטונג
און ס׳איז דאָך ווינט ניט מער ווי שטויב און דרויב.
נאָר זיין אַרומיק ברומען האָט באַטויבט
און העפּטיקער געוואָרן איז געביל, פֿאַרמעסטונג
אַריינצודרינגען דורכן דאַך און שויב.

דו האָסט געמיינט — אָט וועט דער ווינט דאָך באַלד אַוועק.
ער וועט, ווי דו אַליין, אויך ווערן מיד
און זינגען וועט די רו פֿאַר דיר איר ליד.
פֿאַרוואָס־זשע האָסטו זיך געגעבן אַ דערשרעק
און מיטאַמאָל דערמאָנט אַז ביסט אַ ייִד?

פֿאַרוואָס האָט וויכערדיקער ווינט צו דיר דערטראָגן
דאָס קנאַלן, סוויסטשען פֿון דער טויטן־בייטש
פֿון הויך־ציוויליזירטן מערדער־דייטש,
וואָס האָט די שוועסטער דיינע פֿיר צום טויט דערשלאָגן?
אָט דאָס געוועזן פֿון ווינט איז יאָמער טייטש.

דו ליגסט זיך, ווי אַ פּריץ, אויפֿן ווייסן בעט,
אַרומגערינגלט פֿון די פֿעסטע ווענט,
נאָר זעסט: עס שטרעקן זיך צו דיר די הענט
פֿון גוססדיקע יידן מיט אַ לעצט געבעט:
דעם נאַצי־מין פֿאַרטיליק און פֿאַרלענד.

ניט שלאָפֿן לאָזט דער ווינט. ער קלאַפּט צו דיר אין האַרצן
און רעוועט אויס פֿון וועלט די שווערע זינד
פֿון מאַמעס לעצטן קרעכץ, און פּיין פֿון קינד.
און ס'יאָמערן די שויבן אין דער נאַכט דער שוואַרצער
און ס'לאָזט ניט רוען צאָרנדיקער ווינט.

צעטראָגן האָט אין לופֿט דער יידן־אַש
פֿון פֿעלדער מיסט, פֿון גריבער באַבי־יאַר.
ער האָט געבייזערט זיך פֿון שאַנד און צער,
געקלאַפּט דורך הויכע ווענט מיט רוגזה־רעש,
געוואָרנט אַז עס דראָט נאָך אַלץ געפֿאַר.

# קאַלעידעסקאָפּ

דו ביסט מיט זיך אַליין אין רעגנדיקן אָוונט;
עס שווייגט דער טעלעפאָן, עס שווייגט די טיר.
פון גאַס דערטראָגט זיך דער אַלאַרם פון אַמבולאַנסן.
אַ מענטש גייט אויס, אַז ווי און ווינד איז מיר...
דו קענסט אים ניט, נאָר ס'האָט דיין האַרץ באַרירט.

ניט לאַנג צוריק ביסטו געווען אין וואַלד פון יאָדלעס,
דו פילסט געזונטן אַראָמאַט אַצינד.
אין די סיעראַס-הויך האָסטו דערבליקט אַן אָדלער.
זכרון דרינגט אַריין אין לאַבירינט —
דער באַרג, דער וואַלד, דער אָדלער... אַלץ פאַרשווינדט.

די צונטער־רויטע הויכע בערג פון יוטאַס קעניאָנס
פאַרשווארצט געוואָרן זיינען מיטאַמאָל,
ווען ס'האָט זיי אויסגעפּאַטשט אַ זומער־רעגן.
אַ הילך־געטאָן האָט דונער מיט זיין קול,
דערשראָקן האָט זיך הירש פאַר ווידערקול.

כ'בין ניט געווען אַליין אַצינד שוין מער אין צימער.
געשפּייזט האָב איך אין יעלאָוסטאָון אַ בער.
געברויזט האָט ווייסער גייזער הויך אַרויף אין לופטן.
געוואָרן ניי פאַר מיר איז אַלטע ערד.
עס האָט וואולקאַנען־לאַווע מיך באַשווערט.

פאַרשווינדט דאָס בילד... איך הער דאָס רוישן פון מאַשינען.
פאַר מיינע אויגן שווינדלט שווער אַ ראָד.
פאַבריק איז אָנגעזאַפּט מיט סמ'ענדיקע ריחות.
מען בוקט זיך פאַר איר מאַכט, ווי פאַר אַ גאָט.
אַ האַר איז פאָרמאַן, דו — דער אידיאָט.

דו קוקסט אַרויס, דער רעגן עסט זיך איין אין ביינער.
געפאַנגען האָט דיך איינזאַמקייט פון נאַכט.
דו ביסט אַליין אַצינד מיט דיינע פּעקלעך זאָרגן.
און אימיץ וויינט אין דיר און אימיץ לאַכט.
ווער האָט געשיקט נאָך אים? ניט דאָ געדאַכט!

# מעוועס

זיי שטייען אויסגעשטעלט, ווי מחנות זעלנער אויף פאראדן,
אין זוניקן פרימאָרגן, אויפן זאמד ביים ברעג פון אָקעאן;
די קורצע העלדזער שטרעקן זיך, ווען ס'פליט פארביי אן עראָפּלאן.
און ווי אויף א סיגנאל, עס ווערט פון זיי א לופט-ארמאדע.
דערבליקט דעם אָנקום פון א שיף האָט זייער טעלעסקאָפּיש אויג,
צעגראגערט האָבן זיך די מעוועס ווילד און גראציעז פארנויגט.

די ברייטע פליגל ריטמיש שוועבנדיק אראָפּגענידערט
פון בליציקע סטראטעגישע מאנעווורעס פון דער בלויער הויך
און שפּיזיק אין די ברויזנדיקע כוואליעס גלייך אריינגעטויכט.
באהערשט דעם רוים זיי האָבן מיט די קוויטשנדיקע לידער:
„דערלאנג, דערלאנג אהער, דו פרעסערישע שיף, דיין אָפּפאל-שפּייז!"
און גיכער, גיריקער זיי האָבן זייטנווייז ארומגעקרייזט.

און זיגעריש צום ברעג דעם היימישן צוריקגעפלויגן —
די פליגל שווארץ, די ווייסע שמאָלע בייכלעך, ווי דער פוכקער שניי.
אין אָפּרו און אין פלי צוזאמען זיינען אייניק שטענדיק זיי.
דער אפּעטיט איז גרעסער ווי די קליינע פּיצלעך אויגן.
אמאל דערהערסטו פלוצלינג זייער שפּאָטיש לאכן ביי דיין הויז —
די פליער פונעם רוים, די שווימער אינעם ים, די בעטלער גרויס.

און ווערט זי מיד, געפינט זי רו אין מיטן ים, אויף שפּענער.
און פראוועט מען התבודדות, פארשווינדט מען אין דער פאלמעס קרוין.
און אויב ס'געפעלט דיר ניט דער מעוועס קול, האָט זי דערפאר א לוין.
אָנשטאָט די ווילדע אויסרופן און סקריפּענדיקע טענער,
באווייזן וועט זי מיט די פליגל קונצן פון אן אקראָבאט,
זי וועט זיך האלטן אין דער לופטן אָן געפלאטער, בויגיק-גלאט.

נאָר פאר א ליאדע הינטל דערשרעקן זיך די מחנות מעוועס;
א פלאטער-אויף אין לופט און רואיק לאָזט מען זיך צוריק אראָפּ.
ווען ס'קומט א מענטש מיט ברעקלעך שפּייז, זיי שטייען דאנקבאר
אויף זיין קאָפּ.
מיט שטילע טייבלעך — שכנים; און ס'ארט זיי ניט דעם ימס געראַוועו.
און כאָטש זיי זיינען אויסגעפּאשעט, אויסגערונדיקט, זאט און פעט —
באלוינען וועלן זיי פאר קרישל ברויט מיט לופטיקן באלעט.

# מ י י ס ט ע ר

ניט קיין הויקערדיקע קעמלען
דרעמלען
אין דעם מדבר פון דער ווייטן.
איבער בערג עס סטאַרטשען שפּיצן,
קריצן
אין זיך איין דעם גאַנג פון צייטן.

ניט פון העלפאַנטן די רוקנס
בוקן
זיך צו שטראָמען קוואַליק וואַסער,
ס'בייטן בערג פאַרנאַכט קאָלירן,
צירן
זיך אין פורפור־פאַסן.

ניט די ווערק פון מענטשן־פינגער
זינגען
אויף די פעלדזן־בערג און טורעמס.
צוויבער־צייט איר קונסט באַווייזט דאָ —
מייסטער
איבער מיליאַסן שטורעמס.

# אפיקומן

האָפּערדיִק געזעסן זיינען מיר ביים סדר;
ארבע כוסות האָבן אויפגערוישט די טרוימען.
ניט געננוג געווען דער רייכער טיש, דער זאַטער—
האָבן מיר געלעכצט נאָך אַ שטיקל אַפיקומן.

אָט אַזוי איז לעבנסלאַנג פאַר אונדז געוואָרן
סדר־טיש מיט זעט און זויף, צום איבערשוימען.
שטאָפּן מיר זיך אָן אַ שיעור מיט אַלעם גוטן,
יאָגן מיר זיך גיריק נאָכן אפיקומן.

הייצן מיר די אויוונס מיטן אַלטן אָפּפאַל;
שפּאַרט צום בלויען הימל שוואַרצער רויך פון קוימען,
טוט מען וואָלקנדיקע סאַזשעס שטאַרק באַקלאָגן,
ווערן טרערן פולע מאַרגנדיקע זוימען.

קומען שטורעמס, קומען וויכערס, גרייכן אויער
פאַר די מענטשן טיפע סודות איינצורוימען.
ווער ס׳דערשרעקט זיך און באַהאַלט זיך אין די היילן,
ווער עס שוועבט געמיטלעך אין די פרייע רוימען.

ביז דער לעצטער שעה פון צמצומדיִקן לעבן
ווילט זיך יעדן איינעם טרוימען, טרוימען, טרוימען.
ווען מיר פאַרלאָזן סדר־טיש דעם רייכן
און זיך לאָזן זוכן פיצל אפיקומן.

# האַמלעט

זיי ווילן, נעבעך, אַלע, אַלע שפּילן האַמלעט,
נאָר יעדער איינער, אויף זיין אופן, איז אַ שטאַמלער.
מען טראָגט אין האַרץ געדעכטן צאָרן נאָך נקמה.
דאָס גאַנצע לעבן פאָלגט זיי נאָך אַ בייזער נאָמען.
מען שווערט כסדר טריישאַפט, ליבע צו דער מאַמען,
נאָר אין אַ ווילדער רגע טוט מען זיי פאַרדאַמען.
די טאַטע־מאַמע זיינען העלדן פאַר אַ דראַמע.

מען ווייסט דאָך, אַז אין מענטשן איז פאַראַן ניט איינער.
ווען גיסט אַ גריבל זיך און הייבסט־אָן צו פאַרשטיין נאָר,
דאַן זעסטו זיך אויף לערער בינע, ווי אַ שפּילער.
די מענטשן פרעגן באַלד: ווער איז ער און וואָס וויל ער?
אַ קעניג, צי אַ בעטלער; אַ חבר, צי אַ ברודער.
זיי רייצן־אָן דאָס האַרץ, אין קאָפּ ווערט אַ גערודער.
איז האַמלעט דען אַ מאַכט, איז האַמלעט דען צערודערט?

דער מענטש איז יונג און וויל געניסן פונעם לעבן,
נאָר בייזע שפּינען שפּרייטן־אויס אַרום געוועבן
און ס׳האָבן שטורעמס אין זיין האַרץ זיך שוין פאַרזאַמלט.
ער זעט זיך אין דער ברוויזנדיקער ראָל פון האַמלעט.
אומגליקלעך איז דער פּרינץ פון דענמאַרק אין זיין טראַכטן.
דער גייסט אַנטפּלעקט פאַר אים פאַרבאָרגענע פאַרדאַכטן:
דאָס בלוט, דער מוח, איז אַ שווערד און גרייט פאַר שלאַכטן.

און זיין צי ניט — אָט דאָס איז דאָך די עצם־פראַגע.
וואָס ווייטער, ווערט אַלץ שווערער שוין די לאַסט צו טראָגן.
מען מוז אַמאָל אויך גרויזאַם זיין, צו ווערן איידל.
די זומער־זון זי וואַרעמט גלייך, נאָר שיינט פאַרשיידן.
פון טויזנט צענדליקע אַן ערלעכער איז זעלטן.
זיי טוען מאַסקעס־אָן און ווייזן זיך פאַרשטעלטע.
ניט וואָס דו עסט, נאָר וואָס עס עסט דיך — איז דאָס ווערטל.

דער פאַסטוך פייפט, קאַנאַריק טרעלט, די קראָ זי קראַקעט.
און ווי עס איז די פרוי פאַרשמירט, מען זעט זי נאַקעט.
און ווי ס'איז אָנגעגליט פון פרינץ דאָס שאַרפע ווערטל,
אַלץ רייצט דאָס מער געהער און גיריקער מען הערט אים.
די מתים זיינען אויסגעצויגן אין געקלאַמער;
דאָס לעבן זעצט אין האַרץ מיט שווערע אייזן־האַמערס
און אַלע, אַלע ווילן, נעבעך, שפּילן האַמלעט.

# דיין האָב־און־גוטס

(נעיטן גאַרפילד און זיין ליבער מערי,
צו זיין 75־יאָריקן געבורטסטאָג, געווידמעט)

דער קאָפּ, דיין האָב־און־גוטס, מיט ווייסן פּוך באַקרענצלט;
ווי לייכטנדיקע טורעמס ווערן דיינע אויגן.
די פיס געשטאַנען זיינען פעסט און אויך געטענצלט.
דו האָסט די זאַפטן פונעם לעבן אויסגעזויגן
און וואו געדאַרפט — דערווידערט און זיך טיף געבויגן
און כוחות אָן אַ חשבון, אָן אַ שיעור צעטרענצלט.

איצט רוט אויף דיר אַן אויסגעקאַרבטער, קלאָרער שמייכל
און ס׳לעכצן הענט באַרירן דעם אָרום און גלעטן.
און ס׳איז דער היינט פאַר דיר אַ זכיה און אַ היכל.
און גרייט ביסטו זיך מיטן אַלטן שונא וועטן,
אַז וועסט נישט לאָזן אים אַצינד דיין שוועל באַטרעטן.
עס פעדערט זיך פאַר דיר דיין פאַנצערדיקער שכל.

די שכנים דיינע טרעפסטו מיט געניטע בליקן.
ס׳באַנעמט די ווייען זייערע דיין וואַכער אויער.
ווען הערצער לאָזן זיך צעכראַסטען און צעפליקן;
ווען נעפל־איינזאַמקייט אויף ווייטע וועגן לויערט;
ווען ווערסט געפאַנגען פון אַן עסנדיקן טרויער
און שווער עס ווערט די לופט און נעמט דיך וואַרגן, שטיקן —

אָ, דאַן דו הייבסט דעם קאָפּ און ס׳גלייכט זיך אויס דער רוקן
און דאָס פאַרשלאָפן בלוט דערוואַכט און ריזלט העפטיק
און דיינע אויגן אין די האָריזאָנטן קוקן
און ס׳ווערן אַלע צעלן פון דיין גוף באַהעפטיקט
און יעדער אבר ווערט באַשיצט, באַנייט, באַקרעפטיקט
און ס׳הייבן מידע פיס זיך רולאָז אָן צו רוקן.

אַט דאַן אַנטלויפסטו ניט פון יענעמס פיין און פּלאָגן,
נאָר פירסט אַרויס אים פון צעדרייטע, שוואַרצע היילן.
דו שטרעבסט זיין פחד־נאַכט פאַרוואַנדלען אין פאַרטאָגן;
דו ווילסט דעם אוצר פון דיין מוט מיט אים זיך טיילן,
ווילסט זיין פאַר אים אַ גוטער טרייסטער און אַ היילער —
און גרינגער ווערט פאַר שכן שוין דעם יאָך צו טראָגן.

און דו אַליין, ווען וועסט אין טיר אַ קלאַפּ דערהערן
און ליכט אין אויג וועט ווערן מאַט און מיד און מידער,
דאַן וועסטו טיפער זיך פאַרטראַכטן און פאַרקלערן,
און בלייבן וועסטו מייסטער איבער דיינע גלידער
און ס'וועט דיין האָב־און־גוטס געטריי דיר דינען ווידער
און פינקלען וועלן אין דער נאַכט פאַר דיר די שטערן.

# קום!

קום!
איך האָב געזוכט דיך אומעטום,
קיין פרייד אָן דיר זיך ניט פאַרגונען—
נאָר דיך אין ערגעץ ניט געפונען.
גענוג אַרומגעבלאָנקעט קוואַר און שטום . . .
קום.

דער אָפּגעלעבטער קאָן ניט ליבן.
אַזויפיל טרוימען אָנגעקליבן,
אַזויפיל גנאָד אין פולע קויבערס.
די זון גייט אויף פאַר די וואָס גלויבן.
זי עפנט די פאַרמאַכטע בלום.
קום.

דאָס האַרץ, עס רייסט פון מיר אַ פּאַס.
עס וואַרט אויף דיר די טומלדיקע גאַס,
עס גאַרט נאָך דיר די שטילע שוועל,
דיין פּנים אין מיין אויג — אַ קאַרוסעל,
וואָס כוואַליעט, רודערט דעם אַרום.
קום.

אַ בוים האָט פון אַ בליץ זיך אָנגעצונדן,
אַ פלאַם געטאָן און ס'איז דער רויך פאַרשוואונדן.
איך האָב געגראָבן און געאַקערט,
איך האָב געברענט, איך האָב געפלאַקערט.
איז איידער הערסט דעם לעצטן ברום —
קום!

# דער פרעג־פויגל

ס׳איז פרילינגדיק. די זינגער זיינען דאָ צוריק;
זיי וועקן דעם פרימאָרגן אויף.
זיי קלאַפּן אין דיין שויב אויך אָן. דו כאַפּסט זיך אויף.
עס האָט דערוואַכט דיין שטומער הויף.

דו הערסט צומאָל — דער זינגער־פויגל זינגט ניט מער.
עס אַלאַרמירט זיין קווימש. ער פרעגט.
די ביימער זיינען דאָ, די צווייגן ווערן גרין,
דאָס נייע גראָז ווי תמיד שמעקט.

נאָר אָנגעזאַפּט איז לופט מיט שוועבל, רויך און סם,
און אַלץ אַרום ווערט אָנגעשטעקט,
און פרילינג־פרייד ניט קומט אַרויס פון פויגלס קעל,
און דער באַוועג אין רוים אים שרעקט.

פון צווייג צו צווייג — אַ רוף, אַ פרעג, ניטאָ די רו,
ניטאָ דער שטיפערישער פלי.
עס גלעט די זון, נאָר איבער איר אַ נעפּל־גרוי,
ניט זיכער איז דער אינדערפרי.

דער אויפטו פון דער צייט. דער פרייער פויגל פרעגט:
וואָס איז געוואָרן מיט דער וועלט?
עס ציטערט בלימל פאַר זיין אויפקום און זיין בלי,
דער יום־טוב פונעם פרילינג פעלט.

דעם פויגל שרעקט דער דונערדיקער קנאַל פון דזשעט;
ס׳פאַרטיליקט באָמבער־עראָפּלאַן;
ניטאָ קיין זיכערקייט פאַר פייגל־נעסטן מער,
קיין היים פאַר קינד ניט מער פאַראַן.

און דו אַליין דערקענסט ניט מער דעם פויגל־מין;
אָנשטאָט געזאַנג, דו הערסט נאָר שרעק.
ווען ס׳איז פאַר פרילינג־ליד ניטאָ שוין מער קיין זין,
ווי וועסטו ענטפערן זיין פרעג?

## ב ר י ל ן

### 1.

אָ, טראָג ניט די טונקעלע ברילן!
עס וועט זיך דער הימל צעבלויען,
עס וועט זיך דער נעפּל צעטויען,
עס וועט זיך צעהעלן דיין ווילן,
דו וועסט זיך מיט שטראַלן נאָך שפּילן.

### 2.

און אויב עס שטעכט די וועלט די אויגן דיר,
ניט לויף באַהאַלטן זיך צו יעדער טיר.
עס וועט ניט העלפן דיר דער סאַכאַרין און צוקער,
די ביטערקייט פון מויל דערגרייכן וועט דיין קוקער.
אַריינדרינגען וועט יאָמער אין פאַרשטאָפּטן אויער,
די רשעות פון דער ערד אויף דיר אויך לויערט, לויערט.

### 3.

ניט קנייפּ די באַקן אַז די פאַרב זאָל שטיין
און שמייכל ניט ווען ס'ווילט זיך טאָן אַ וויין.
באַשפּריץ זיך ניט מיט וואַסער־פון־קאָלאָן,
ווען ס'שלאָגט דיר אוים אַ שווייס פון דורות אָן.

### 4.

גלייך־אוים דעם רוקן, בייל די פּויסט
און זאָל דיין צאָרן ווערן גרוים,
און שטשירע אוים די שאַרפע ציין
און שפּרייז אַריבער שטאָל־און־שטיין.
די שווערע לאַסטן פון דער וועלט דערטראָג,
ביז ס'וועט פאַרוואַנדלען זיך די נאַכט אין טאָג.

### 5.

ביז ס'וועט דיין זודיק בלוט זיך קילן,
ביז וועסט באַצווינגען צאָרן פון די ימען,
ביז אויסלעשן דו וועסט אויף בערג די פלאַמען,
ביז גרויסע וועלן זיך ווי קינדער שפּילן.
אָ, טו נאָר אוים די שווערע, שוואַרצע ברילן!

## אָפּגעפֿאָרן

אָפּגעפֿאָרן, אָפּגעפֿאָרן, איבער בערג און איבער טאָלן
און ניט אָפּגעלאָזט פֿון הענט די לייצעס.
אָפּט געבלאָנדזשעט אויף די ברייטע וועגן, אויף די סטעזשקעס שמאָלע,
ניט געזשאַלעוועט האָט יעדער עצות.

אויסגעווען אַ וועלט און דורותדיקע גלויבנס אויסגעמאָסטן.
אָפּרו־שטיינער זיינען פּריינט געוואָרן.
און פֿון אַלע שיינע רייד געבליבן זיינען בלויז די פּראָסטע;
פֿון די שטורעמס איז אַוועק דער צאָרן.

ס'האָט זיך קאָפּ געזילבערט, האַרץ געפּעכעט פֿון די לאַנגע לאַסטן
און ניט אויסגעגלייכט זיך האָט דער רוקן.
אָנגעזעטיקט שוין מיט צרות און געדאַרפֿט דערנאָך פֿאַרפֿאַסטן
און פֿאַר שטאַרקע בוקן זיך און בוקן.

אָפּגעפֿאָרן, אָפּגעפֿאָרן, אין דער הויך און אין דער נידער;
מיטאַמאָל אין זומפּ געבליבן שטעקן.
לווינט זיך ניט דעם צאַנקענדיקן פֿייער אָנצוצינדן ווידער,
נעמט מען אין דער האַנט דעם אָנלען־שטעקן.

קוקסטו זיך אַרום, באַטראַכטסט געמיטלעך גוט־באַקאַנטע לאַנדשאַפֿט,
וואָס דו ביסט אין לעבן דורכגעגאַנגען.
ביסט געווען אַ קאַפּיטאַן פֿון שיף מיט ניט־געטרייער מאַנשאַפֿט.
מער ווי איינמאָל האָט זי דיך געפֿאַנגען.

קומסט צוריק צו זיך אַהיים — און וואָס איז דיר פֿון אַלץ געבליבן?
ס'האָבן אייגענע דיך אויך פֿאַרלאָזן.
נישטערסטו אין אַלע ווינקלען צו געפֿינען שפּייז און ליבע.
צוגענומען האָבן אַלץ די האָזן.

אָפּגעפאָרן, אָפּגעפאָרן און דו ווייסט ניט פון קיין גרענעץ;
און די לייצעס אָפּגעלאָזט אַ מידער.
און געבאָרן ווערט פון טיפעניש אַן אויסגעבענקטער גענעץ
און עס העלפן אים אַרויס די גלידער.

פרעגט מען דיך פון אַלע זייטן: „קאַפּיטאַן, וואוהין און ווייטער?"
שמייכלסטו און זאָגסט: „גענוג געפאָרן."
שוין אַריינגעשטעלט אין שטאַל דעם פערד־און־וואָגן האָט דער רייטער;
אָפּגעפאָרן לאַנגזאַם ס'ביסל יאָרן.

# טוליע זיך

אָ, טוליע, טוליע, טוליע זיך צו האַרטער וואָר און ווייכער ערד;
מיט ציין און נעגל גראַבל זיך צו דעם וואָס פּילט און זעט און הערט
און זאָל ביז סאַמע לעצטן טאָג באַהעפטן זיך דיר זיין באַשערט.

און אַלץ אין רוים וואָס רירט זיך, אָטעמט, לעבט, דערגרייכט
די זעלבע שטאַמען;
ווי ס'האַלטן פרייע פייגל זיך אין אַלע ציַיטן דאָך צוזאַמען;
פאַר זיי איז איינזאַמקייט אַ וויסטעניש, אַ מדבר־פּאַנאָראַמע.

נאָר מער פון יעדן לעבעדיקן מין עס ליידט דער מענטש פון כלל.
פאַרשפּאַרט אין זיך אַליין, דערהערט ער עכאָ־רוף פון איבעראַל.
פון אַלע עקן ערד צעטראָגט זיך יאָמערדיקער הונגער־שאַל,

וואָס שטאַרקער איז פון נויטן טעגלעכע און לוסטן און באַגערן,
וואָס שווערער איז פון עלנטקייט וואָס נאָגט, פון ווי פון הייסע טרערן.
אַזוי־אָ ליידן תמיד די וואָס מער צו קיינעם ניט געהערן.

פון אַלע אוצרות אויף דער וועלט זיי בלייבן מיט אַ הינטל קליין;
זיי ברענגען פרישע בלומען אויף אַן אַלטן בית־הקברות שטיין;
און דאָרטן, אויפן גלות־לאַנגן פעלד, איז נוצלאָז דאָס געוויין.

און דער וואָס בלאָנדזשעט איבער געסלעך אויסגעהונגערט נאָך אַ פרוי,
דערפאַר וואָס ס'איז אים איבעריק צו זיין מיט זיך אַליין אַזוי,
דער הערט זיך איין ווי אַלץ אין אים ווערט אָנגעפּילט מיט אַ געוואַי.

געוויין פון אייגן גוף איז גרויזאַמער פון אַלערליי געוויינען,
ווי ס'וואָלט די גאַנצע וועלט זיך אָנגעזעצט און וועלן אים פאַרשטיינען.
דער גרעסטער מענטש ווערט איינגעקאָרטשעט דאַן און קלענער
פונעם קליינעם.

דערפאַר איז טייער דער באַריר און ליב און זעטיקט אויפדאָסניי;
און אַלץ וואָס איז פאַרבליבן דיר צו־לעצט איז איינשטעלן כדאי...
איז טוליע, טוליע זיך צו דעם וואָס לעבט און אָטעמט פריי.

# קראַטערס

צעקאַרבטע אַלטע טיפֿע קראַטערס,
ווי אויסגעפּליקטע שטיקער לייב פֿון מוטער־ערד.
די פֿאַלדן, ווי פֿאַרגליווערטע בלאָטיק בלוט,
פֿאַרטריקנטע בלוט פֿון ווייטיק־וואונדן.
די זון, די ווינטן, האָבן דאָ־און־דאָרט פֿאַרלאַטעט,
וואו ס׳האָט וואולקאַן־געוועב פֿון ערד צעשטערט.

צעלעכערט ווי אַ זיפּ דאָס האַרץ פֿון ערד, מיט קראַטערס
און אָנגעוואָרפֿן פּחד אומעטום און איבעראַל,
און קיינער ווייסט ניט ווען וואולקאַן וועט זיך צעיושען
און שפּייען פֿייער און גיסן בריענדיקע לאַווע
און שטילע האָרעפּאַשנע פֿריינט פֿאַרראַטן,
פֿאַרהילכן הימל־רויט מיט טויטן־שאַל.

אַזוי איז לעבן אונדזערס פֿול מיט קראַטערס,
מיט אויסגעפּליקטע שטיקער האַרץ און לייב.
קאָלירלאָז איז פֿאַרלאָשן בלוט פֿון טיפֿע וואונדן.
די יאָרן האָבן הויט אויף אונדז געשונדן.
דעמזעלבן גורל איז געווען באַשערט די זיידעס, מאַמעס.
דער קאָכנדיקער צאָרן פֿון וואולקאַנען בלייבט.

מיר זיינען עולה־רגל מיט די קינדער צו די קראַטערס,
מיר ווייזן זיי די מאַכט פֿון דעם פֿאַרשלאָפֿענעם וואולקאַן.
צעכראַסטעטע ליגט צעריסן אינגעווייד פֿון ערד
און פֿרוכטלאָז איז איר בויך אויף אייביק.
עס גלויבט דעם הונגעריקן ניט דער זאַטער,
עס ווייסט פֿון רחמים ניט דער אוראַגאַן.

ס׳איז אונדזער לעבן — מויל פֿון אַ וואולקאַן און קאַלטער קראַטער.
מיט דראָענדיקער לאַווע רעגנט נייער דור.
מיר זיינען בליענדיקער ישוב ביי דעם פֿוס פֿון פֿייער־באַרג,
מיר זיינען רויטע בלומען אויפֿן שוואַרצן באָדן.
פֿון פֿרייע פֿייגל הערן מיר געפּלאַטער,
דערוואַכן פֿון וואולקאַן באַלויכט אונדז דעם קאַיאָר.

# דער אינווענטאַר

דער אַלטער קרעמער מאַכט דעם אינווענטאַר.
ער איילט זיך ניט. ס'איז היימיש אים אַ יעדע זאַך.
ער איז דער שקלאַף, דער מייסטער און דער האַר.
זיין אויג שאַצט אָפּ דעם רוח (רעוואַך), די געפאַר;
די צייל־מאַשין וועט אָנמערקן דערפאָלג, צי קראַך.

און דו אַליין ווען אַנסט פון דין דעם גזר,
אין רעגנדיקן טאָג, זיך נעמסט צום חשבון באַלד.
דו נוצסט פאַר דרויסנדיקן אינווענטאַר
דעם גרעסטן טעלעסקאָפּ, דעם פאַלאָמאַר,
דיין מיקראָסקאָפּ די טיר פון אינווייניק צעפראַלט.

און יאָ, דו ביסט געווען אַ העלד, אַ גבר (גוואַר).
דו וואונדערסט זיך ווי האָסט דעם פיינט גאָר אָפּט באַזיגט.
אַ קנייפּ אין באַק פאַרדינסטו דאָך דערפאַר,
כאָטש אָנגעקליבן זיך האָט טרער פון צער,
ווען דיין קאָמפּיוטער האָט זיך מיט דער וועלט פאַרקריגט.

עס שטעקט אַרויס אין דיר דיין צונג דער נאַר,
וואָס חכמהט זיך, אַז שטייסט אויף שוועל פון אַ באַנקראָט,
אַז האָסט פון לעבן אָפּגעשפּאָרט די דאַר
און גראָד גאָר איצט האָט ער זיך איינגעשפּאַרט,
אַז שונא הינטער דיינע פּלייצעס דיך באַדראָט.

דו ווייסט פון לאַנג — דו טוסט מיט פוס אַ שאַר,
איז פול מיט דיין געביין די אויבערפלאַך פון ערד —
די וואַרשע־וואַנט, די גרוב פון באַבי־יאַר.
פאַרמאָגסט אין זיך אַן אייגענעם ראַדאַר,
דו האָסט דעם אָנזאָג פון נייער צייט דערהערט.

דיך מונטערט אומגעריכט דיין אינווענטאַר.
דו פרעגסט אַליין: פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ שלל
פון גלויבן צו באַזיגן די געפאַר?
דו זאָגסט: איך לעב, איך ליב, איך בין אַ גבר,
איך טרינק זיך אָן מיט מים־חיים פונעם קוואַל.

## קול דממה דקה

װען ס'האָט דער טאַטע זיך געגלעט די ברייטע באָרד
און ס'האָבן לייכט געצוקט די דאַרע באַקן
און ס'איז פֿון זײַנע ליפּצן ניט אַרויס קיין װאָרט —
דאַן האָב איך ניט געקאָנט זיך רירן פֿונעם אָרט,
איך האָב דערפֿילט זײַן קול פֿון דממה דקה.

און ליב באַקומען האָב איך זײַנע אויגן דאַן,
װי כ'װאָלט פֿון אים געקראָגן צוקער־קאַנדל.
געװואוסט : אין טאַטנס שװײַגן זײַנען רייד פֿאַראַן.
ער איז ניט מער געװען דער בידנער אָרעמאַן.
ס'האָט דלות אין עשירות זיך פֿאַרװאַנדלט.

װען שטוב איז פֿול געװען מיט הילכיק־הויכע רייד
און אויסגעפּלאַצט האָט באַלד אַ װיצעקו —
האָט פֿאָטער פּלוצים זיך פֿון אַלץ װי אָפּגעשיידט,
געמורמלט האָבן זײַנע ליפּן שטילערהייט.
איך האָב דערפֿילט זײַן קול פֿון דממה דקה.

און װען כ'בין נאָכגעגאַנגען אים אין לעצטן װעג,
געזען אים אויסגעצויגן אויף דער מיטה —
איז מײַן בר־מצװה דרשה אויך מיט אים אַװעק.
געבליבן איז ביי מיר ביז היינט פֿון זײַן פֿאַרמעג
פֿון קול דממה דקה שטומע שליטה.

דערפֿאַר האָב ליב איך ס'צאַרטע שעפּטשען פֿון פֿאַרטאָג,
דעם סודותדיקן מורמל צװישן זאַנגען.
און אָנגעשפּיצט איז מײַן אויער צום גוסס' זאָג,
און װאַך איז מײַן געהער צום האַרץ װאָס נאָגט און פּלאָגט
און איך פֿאַרנעם פֿון אויגן די פֿאַרלאַנגען.

אַזויפֿיל דינע קולות הערן זיך אין רוים,
אַזויפֿיל ווערטער וואַרטן אויף אַ תיקון.
דעם שענסטן קלאַנג פֿון זיסן מויל דערהערט מען קוים,
די שטימע לייטערט זיך אין סודותדיקן טרוים,
די שטילע רייד אַ שטורעם־האַרץ דערקוויקן.

עס מאַטערט־אויס דאָס העפּטיק זעצן פֿון אַ פּויק,
עס איז דערווידער דיר פֿון קראָ דאָס קראַקען.
דער גראַגער פֿונעם הפקרדיקן מאַרק וואָס טויג ?
עס הייטערט־אויף מיט גלי און גלאַנץ מיין אויג,
ווען כ׳קאָן דערהערן קול פֿון דממה דקה.

# אַ פּיצל ערד

אין אָנדענק פון שמעון טרייבוש

מאַך פּלאַץ פאַר מיר.
איך דאַרף ניט מער
ווי דעם באַריר
פון פּיצל ערדס
צעפּראַלטער טיר.

אַ הויפן זאַמד,
זעקס אײלן פּלאַץ
און אָפּגעצאַמט
דעם טײערן שאַץ
און אײנגעראַמט.

געוואָי פון ווינט
און רעגן־נעץ.
דער טראָפּן רינט.
דער גוף, דער געץ,
אויך באַלד פאַרשווינדט.

איך ווער אַ טייל
פון קײלעך ערד.
דערצייל, דערצייל

מײן גאַנצע ווערט
אין די פאָר אײל.

איך ווער באַהעפט
מיט וועלט, איך ווער.
ניט אײנער טרעפט
מײן נײַע ווערט
און ווערט געפּלעפּט.

איך בין אַ שטײן,
איך בין אַ באַרג,
איך בין געבײן
פון ריזן־קאַרק.
כ׳בין ניט אַלײן

איך דאַרף ניט מער
ווי פּיצל ערד.
ס׳איז מיר באַשערט
צו זײן די ווערט
מיט גאָרער ערד.

## אַ סקווער אין לאָס אַנדזשעלעס

די פּאַלמע טראָגט אַ שטריימל
און שאָקלט זיך און ווינט,
ווי אַ לאַנגער חסיד ביים דאַווגען אין „שטיבל".
עס קאָלערט זיך אַ קינד
אויפן אָפּגעשאָרן גראָזיק פעלד,
גלייך און גלאַטיק, ווי אַ וואַלגער־ברעט.

עראָפּלאַנען בלאָזן זיך און שלוקערצן
און רייסן אין טיפן בלויען רוים
און אַמבולאַנסן אַלאַרמירן וועגן טויט
אויף דער נאָענטסטער עוועניו
און איבער ווייסע, אָפּגעזייפטע הייזלעך
מיט קרומע רויטע דעכלעך
הויערן פון אַלע זייטן
טונקל־גרינע, ברוין־פאַרברענטע
צעקנייטשטע און פאַרנעפּלטע בערג.

וויים־קעפּיקע מענער און צוגעפאַרבטע פרויען
זיצן אויף לאַנגע גרינע בענק,
מיד און מאַט פון לעבן־טומל
און וואַרטן אויף דער עס־שעה ;
וואַרטן אויף באַקאַנטע דורכגייער
וואָס באַווייזן זיך ניט ;
וואַרטן אויף דער פאַרנאַכטיקער רגע
צו זאָגן איינער דעם אַנדערן :
עס ווערט שוין קיל. צייט צו גיין אַהיים.
ווי שפּעט איז ? עס ווערט שוין שפּעט.

אַ שאָד פֿאַרלאָזן ס׳גרינע גראָז
און בלויען רוים
און לאַנגע דינע פּאַלמע,
וואָס שאָקלט זיך נאָך אַלץ
ווי אַ פֿרומער ייִד, אַ חסיד.

אונטער גרינע פֿאָרהענגלעך
פֿון אַ סיקאַמאָר ביימל
האָבן פֿייגעלעך פֿאַרצויגן אַ זמרל.
און ס׳אַרט זיי ניט
וואָס מען הערט זיי ניט,
אַבי חי־געלעבט.

## עלעגיע לאָס אַנדזשעלעס

עס וועלן מער ניט גלאַנצן
די בעקלעך פּאָמעראַנצן
אויף די שווער־באַלאָדענעביימער.
מען וועט מער ניט פלאַנצן
אינגאַנצן
קיין פּירות פאַר טרוימער.

ווי אַ פּגר אָפּגעשונדן
די לעמאָנען סעדער
און די נים־וועלדער פאַרשוואונדן
און די גרעזער אָנגעצונדן
און געפּלינדערט האָט אַ יעדער.
ערד צעטראָטן האָבן שווערע רעדער.

וועט מען דאָרט אַ מויער בויען,
וועלן וועגט זיך גרויען,
וועלן וואָיען
עגבערס, האַמערס.
ווערט נשמה איינגעקלאַמערט
אין אַ טאַטן, אין אַ מאַמען.

וועט מען בענקען, טרוימען
נאָך די אַפּעלסינען ביימער,
נאָך די פערעשקעס און פלוימען.
ווערן וועט דאָס האַרץ פאַרריגלט
צווישן שטיין און ריגל.
הויבט זיך ניט דער פויגל אין די פליגל.

# כוואַליעס

ניט דער וועקער־ווינט און ניט דער שטערער־שטורעם —
ווער האָט זיך צעברומט אין שטילן אינדערפרי?
אָ, דאָס האָבן ווייסע פראַנזן ביי די ברעגן
זיך צעשויבערט לוסטיק אינעם מאָרגן־גלי.

ס'האָט פון אָקעאַן דאָס פּרצוף זיך געביטן
און געחנדלט גלוסטיק, ווי אַ כלה־מויד.
שעמערירט מיט זילבער־בלויע קאַרבן־פּאַסן
און געררונצלט אין אַ טונקל־גרין זיין הויט.

רוישן כוואַליעס פריילעך, ווי אַ קינדער־גאָרטן;
ברענגען זיי מתנות, מושעלן און טאַנג;
קלאַפּן־צו מיט די שטיינדלעך־טאַמבורינען;
וואַרטן שלעפּערדיקע פישערלייט אויף פאַנג.

לאָזסטו זיך אַ באָרוועסער אויף זאַמדן־גרויפּן,
צו דערפילן פרישן, קילן כוואַליע־גלעט.
נענטער ווערט דער אָקעאַן און זיינע רוימען,
הערסטו ווי אַ כוואַליע מיט אַ זעמדל רעדט.

איז אַזור דער הימל און די לופט געזאַלצן
און עס רייצט דער ים דיך גיריק אין זיין שוים.
אין אַ זוניקן פרימאָרגן שטרעקסטו דאַנקבאַר
צו דעם לעבן דיינע קליינע אָרעמס אוים.

## האַפּן־דאַמבע
**(BREAKWATER)**

צעבוכצעט ליגט אַ נאַקעטע די האַפּן־דאַמבע,
באַזיגט פון טשעמפּיאָן, דעם אָקעאַן.
די כוואַליעס זינגען ריטמיש אוים זיין זיג אין יאַמבען:
קיין גרעסערער פון אים איז ניט פאַראַן.

און ראָסטיק־בלוטיק סטאַרטשען רוי די אייזן־שטאַמבעס;
פאַרלאַטעט, ווי אַ שלעפּער, איז בעטאָן.
דערגרייכונג פונעם מענטשן־מאַרך — די האַפּן־דאַמבע,
שטייט פון די וואַסער־טראָפּנס דאָ אין קאָן.

און ווייטער־צו — די פעלדזן־שיצער לעבן האַפּן
מיט שוואַרצן מאָך, ווי טרויער־באַנד, באַדעקט.
אַזוי ווי מענטשן שטייען זיי צום ים און גאַפּן:
ווען נעמט צו נאַסער מאַכט זיינער אַן עק?

די לעכער פון די שטיינער, ווי צעפּוילטע ציינער;
דאָס וואַסער דרינגט אַדורך דעם שמאָלסטן שפּאַלט;
פון כוואַליעדיקן שקראָבען ווערן פעלדזן ריינער,
נאָר אָפּגעפּאָרן זיינען זיי און אַלט.

די באַטאַליאָנען כוואַליעס קומען אָן אומענדלעך;
זיי רעווען ווילד, נאָר מורמלען מילד אין שוים;
זיי שלינגען פאַנצערס איין און שפּילן זיך מיט שפּענדלעך,
נאָר האָריזאָנט פון ים — איז וואָר, צי טרוים?

איז ים דער אָנגרייפער און ערד איז דער באַשיצער?
איז ערד — דאָס לעבן מיינס, און ים — דער טויט?
אויב האַרץ איז שטורעם־ווינט מיט דונערן און בליצן,
איז וועלכן האַפּן האָב איך זיך פאַרטרויט?

צי זע איך שיפן, צי מיראַזשן פון דער ווייטן?
דער ים פון ערד טיילט אָפּ מיין סילועט.
געשטאַנען איז מסתמא דאָ אין אַלע צייטן
אַזוי ווי איך, אַן איינזאַמער פּאָעט.

# צו אַ פריינט

זיי ניט ווי צעשויבערט ווילד־גראָז
אויף הפקרדיקן באָדן.
דאָס גרויסע פעלד איז דאָך
מיט נישטיקייט באַלאָדן

זיי ניט ווי די זלידנע פליג,
וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן.
אַ לויב צום אויבערשטן
וואָס זי איז אָפּגעפלויגן.

זיי ניט ווי די גלאַטע אָזערע
מיטן פנים שיינעם.
איינטונקען די פּיס אין איר
עס ווילט זיך גאָרניט קיינעם.

זיי אַ פלאַנץ וואָס ציט זיך, ציט
און וואַקסט אַלץ שטאָלצער, העכער.
נאָר בייגט זיך איין ערשט דאַן,
ווען ס'ווערט פון איר אַ בעכער.

זיי אַ רויז, וואָס ווייסט איר ווערט
און וואָרנט מיט די דערנער.
זיי דער הירש וואָס הייבט דעם קאָפּ
און שטרעקט פאָרויס די הערנער.

זיי דער טראָפּן פון אַ קוואַל,
וואָס גריבלט זיך אָן אויפהער,
נאָר קומט אָן זיכערער צום ציל,
ווי דער שנעלסטער לויפער.

זיי דער ווינט, וואָס קיצלט, קנייפּט
מיט זינגענדיקע זעגן
און מאַכט אַ וואַרע ווען ער קומט
מיט כמאַרעס און מיט רעגן.

זיי ניט פייער, זיי ניט אייז.
ברי ווי זון און קיל ווי שאָטן.
זיי דאָס נאַקעט פעלד, נאָר נער
די זאָמען וואָס געראָטן.

ווער אַ בלאַט און ווער אַ פרוכט,
ווער אַ שייער אָנגעבויגן.
ווער געווויין און ווער געזאַנג,
ווער פון שטורעם — רעגנבויגן.

# שלח מנות טרעגער

(מיין ליבן ד״ר הענרי קעלערמאַן געווידמעט)

אַז איך וועל דאַרפֿן לעצטן חשבון געבן
פֿון פֿולן שייער מיינעס, פֿון מיין לעבן,
וועל איך זיך ניט באַרימען און ניט זאָגן,
אַז כ׳האָב, ווי אַטלאַס, אונדזער וועלט געטראָגן
אויף נעבעכדיקע פּלייצעס מיינע,
וואָס טוען מיך נאָך אַליין באַשיינען.

מיין הויזגעזינט געווען איז נאַקעט־אָרים
און דאָך שטאָלצירט מיט לופטערן די ספרים.
און ווען פּאַר טאַטן כ׳בין אַ גאַנג געגאַנגען,
עס האָבן אָפּגעהילכט די טריט — געזאַנגען
און האַפערדיק געוואָרן זיינען וועגן
ווען כ׳בין געווען דער שלח מנות טרעגער...

אַזאַ געבליבן בין איך אויפֿן לעבן.
די פֿרייד פֿון עפֿענען אַ טיר און געבן.
און אויפֿדעקן די טאַץ מיט גוטע זאַכן
און זען ווי אויגן גלאַנצן, באַקן לאַכן.
געצווייפֿלט האָט ניט מער דער שטרענגער פֿרעגער,
ווען כ׳בין געווען דער שלח מנות טרעגער.

עס וועט ניט העלפֿן דיר דאָס נאָגן, קלאָגן.
דער זין פֿון לעבן — אויסטראָגן און טראָגן.
און ווער ס׳האָט אָנגעהאָנגען זיך אַ גלעקל
און ווער עס צערטלט ווי אַ קינד זיין זעקל,
נאָר איך האָב אויסגעבעטן אַ גוט געלעגער —
איך בין געווען אַ שלח מנות טרעגער.

עס האָט די נויט געלערנט מיך דעם שכל.
ס׳איז טייערער פֿון גאָלד דעם מענטשנס שמייכל,
דו גיי אַ גאַנג און טראָג אַ גוטע בשורה,
דעם שוואַכן ברענגסטו מוט און זיך — גבורה.
און שטאָלץ דיין ענטפֿער איז פֿאַר ריכטער, קלעגער:
איך בין געווען אַ שלח מנות טרעגער.

# אַ מענטש דאַרף האָבן צייט

אַ מענטש דאַרף האָבן צייט צו טראַכטן און באַטראַכטן
די גרויסע וואונדער וואָס עס זיינען אים באַשערט.
דאָס אַלץ וואָס אויג דערבליקט און אויער זיינס דערהערט.
דער אויפגאַנג פון פרימאָרגן, בייט פון די פאַרנאַכטן,
די הערשנדיקע רו און שוידער פון די שלאַכטן.
קאַפּריזן אויסטערלישע פון דער קראַנקער ערד.

דער מענטש דאַרף אָפּשטעלן זיין יאָג, דעם הענדום־פּענדום,
אַליין אַ וואַרע מאַכן שטילערהייט אין זיך
און עפענען די לאָדנס פון זיין פעסטונג — איך.
און אויפנעמען דעם גרוס פון רוימען און פון לענדער;
פון אַלע די וואָס וועלן זיך צו אים נאָר ווענדן ;
פון דעם וואָס פליט צו מאַרס, צי ווי אַ זשאַבע קריכט.

דער מענטש דאַרף מאַכן דין וחשבון פון ירושה
געבליבענער פאַר אים פון ערשטער, אדם־צייט.
און גריבלען זיך און נישטערן אין יענער ווייט.
ניט לאָזן פאַלשקייטן די אמתן פאַרטושן.
צעשטויבן שקר און מיט אמת זיך צעקושן.
באַנייען אייביקייטן און זיין אַליין באַנייט.

דערגרייכט די ראַנד פון אָנגעלאָדענעם סך־הכל
דערשרעקט זיך ניט דער מענטש און פילט זיך ניט פאַריאָכט.
זיין לעבן איז געווען אַ גוטע, פולע וואָך.
און קומט די צייט, ער נעמט אין וועג אַריין זיך פּאַקן,
וועט פלאַקערן אויף שפּיץ פון טורעם העל זיין פאַקל
און בשורות פרייִדיקע עס וועלן קומען נאָך.

פאַראַן אַזויפיל צו פאַרלויבן און פאַראַכטן,
אַזויפיל וואָסערן דאָס קליינע אויג באַטראַכט.
אַ לאַסט אַ מאָכיקע דאָס מענטשן־האַרץ באַשווערט.
מען דאַרף אַן עפן טאָן די קאַסטנס די פאַרמאַכטע,
דערגיין צו אוצרות פון נביאים אויסגעלאַכטע —
אַ מענטש דאַרף האָבן צייט צו טראַכטן אויף דער ערד.

# אַ פּנים

אויף מענטשנס פּנים ליגט פֿון וועלט דער שטעמפּל
און פֿלאַנעטן אין די אויגן אָפּגעשפּיגלט.
ס׳ווערט פֿון אַלטן פּרצוף אַ נר־תּמיד לעמפּל,
דורות לעבנס זײַנען איבער אים פֿאַרזיגלט.

דזשאָנגל־וואַלד אין די געדיכטע, קוטשעראַווע האָר;
שמעקעדיקע זאַנגען־סנאָפּעס אין אַ מיידלס צאָפּ.
אײַנגעזאַפּט האָט ס׳פּנימל פֿון קינד שוין דעם קאַיאָר;
שטאָלצער שפּיץ פֿון באַרג אין מענערישן קאָפּ.

פֿעלד צעמעזשעט — אויפֿן הויכן, קלוגן שטערן;
מדבר־פּלאַנץ אין אויסגעשטרעקטן, שטייפֿן אויער.
בופֿלאָקס — אויף האָרעפּאַשנעם נאַקן שווערן;
און די פּלייצע — זכר פֿון אַ בבל־מויער.

ברעמען צאַרטע, ברעמען ווילדע, ווי אַ מושל קליין;
וויעס לאַנגע, וויעס קורצע — קאָרן־פֿעלדער צווײַט.
נעזער דיקע, נעזער דינע — פּרעהיסטאָרישער געביין;
פֿײַן־פֿאַרמירטער קין אין מייסטער־קוזניע אויסגעשמידט.

ליפּן קאָנען ווי די שלאַנגען זיך צעשיפּען,
ליפּן זײַנען דאַמבעס, רויטע וואַסער־פֿאַלן;
ליפּן קאָנען ווי די הימלען זיך צעכליפּען,
ווי די גראָזן שעפּטשען, שוימען ווי די קוואַלן.

פֿעסטונגען פֿון מיטלאַלטער זײַנען ווײַסע ציין
און אַ קליינער רויטער לויתן איז די צונג.
ווײַכע ליפּן קושן טעג וואָס קומען און פֿאַרגיין,
צאַרטע ליפּן, ווי די הימלען, בלײַבן אייביק יונג.

טיילמאָל איז דאָס פּנים אָנבליק פון לבנה
און אַמאָל אין שטורעם־וואָלקן איינגעקלאַמערט.
ס׳איז אַ פּנים אויך — פון בלומען אַ וואַזאָנע,
ס׳האָט די שווערע צייט די שלייפן אויסגעהאַמערט.

זונען־אויפגאַנגען אַריינגעוועבט אין מענטשנס הויט;
ווייסע מינעראַלן־שטראָמען בלעזלען זיך אין מויל.
ס׳האָבן סודות וועלטישע אין פּנים זיך פאַרטרויט
און געזאָגט האָט קול פון אייביקייט: ס׳איז וואויל, ס׳איז וואויל.

# נ אָ ק ט ו ר ן

די בערג —
אַ געזעמל פון בופלאָקסן, העלפאַנטן און קעמלען —
שלאָפן שוין געשמאַק און רואיק.
שוואַרצע סילועטן
היטן זיי און גלעטן.

אין טאָל —
דאָס שטעטל: אַ צירק־קאַרניוואַל,
אַ זיג־פאַראַד, וואָס די בערג אַרום
זיינען שוין פאַרשוואונדן.
עס שווינבלען די וויזיעס
פון די טעלעוויזיעס.

אין שוואַרצן הימל
קאָקעטירן אַ פּאָר שטערן;
ווייסע פינטעלעך
וואָס ווינקען זיך איבער.
ווילן זיך פאַרמעסטן מיט די ליכט פון שטעטל;
קומען זיי צוהילף קאָלעגן־שטערן,
טוען זיי זיך מערן.

אין אַ שטיבל אונטן
ווערט געשטילט אַ הונגער.
אין אַ שטיבל אונטן
פיבערט אַ קראַנק קינד.

אין אַ שטיבל אונטן
האָט אַ שטערן זיך פאַרלאָשן.
עס האָט דאָס גאַנצע שטעטל
אָנגעוואָרן ס׳לשון.

# נומערן

אין הייסע טעג ער טראָגט אַ העמד מיט לאַנגע אַרבל;
רחמנות־בליק צו זיך ער וויל פֿאַרדעקן.
פֿאַרגעסן מוז ער נעבעכדיקע רייד פֿון שטאַרבן.
עס קאָן קיין שווידער־טויט אים ניט דערשרעקן.

נאָר אין די אייגענע פֿיר ווענט, ביינאַכט אין חדר,
דערזעט ער זיך אין אָרעם, ווי אין שפּיגל.
פֿאַרשטייען אויסגעצייכנט אויפֿן וואונק זיךביידע —
די נומערן אויף הויט האָט האַרץ פֿאַרריגלט.

נאָר אַנדערש איז מיט ווייב. אַ גאַנצן טאָג אַנטבלויזן
וועט זי די האַנט — אין הערצער איינצופּרעסן.
עס קומט די נאַכט וועט ביידע אָרעמס דאַרפֿן הויזן,
דאַן וויל זי אין די נומערן פֿאַרגעסן.

נאָר נומערן ניט הערן אויף זיי צו דערמאָנען
אין קאָנצענטראַציע לאַגערן, אין שאָטנס
פֿון קינדער אומגעקומענע. ווען וועלן קאָנען
דען מענטשן זען, אַז גרוב איז ניט פֿאַרשאָטן!

די קליינע נומערן זיי זעצן ווי מיט האַמערס
און פּלאַצן אויס אין העשנדע געוויינען.
זיי בענקען נאָך די אומגעבראַכטע יונגע מאַמעס,
אַ דור נאָך וועלכן ס׳זאָגט ניט קדיש קיינער.

די נומערן! דורך אַלע אַרבל טוען דרינגען;
כסדר וועקן זיי פֿון פּיין די טרעגער.
מיט גרויסע גליקער זאָל מען אין די הערצער קלינגען,
פֿאַרוואַנדלען די געליטענע אין יעגער.

פֿאַר **אים** — די נומערן, ווי שאַרפֿע ציין אין ליפּן;
פֿאַר **איר** — זיי זיינען וויטאָגן וואָס ברומען.
אין ביידע הערט ניט אויף דאָס רויטע בלוט צו כליפּען
און ביידע וויסן, אַז די צייט וועט קומען.

די צייט וועט אַלע נומערן פֿון אַלע לעבנס
אַ זעץ טאָן וועלן אין פֿאַרהאַקטע טירן
און ניט פֿאַרגעסן וועט מען מער און ניט פֿאַרגעבן
און פֿאַר די נומערן דעם חשבון פֿירן.

# אַ גלעט, אַ קוש

אַ גלעט, אַ קוש, אַ שטראַל פון דיינע אויגן —
עס גיט זיך אַ צעברויז דער עראָפּלאַן.
איך בלייב אַליין און דו ביסט אָפּגעפלויגן.
אַ פרעג־צייכן געוואָרן מיינע אויגן.
עס טוט מיר באַנג, עס טוט מיר באַנג.

עס האָט דיין הויב אין רוים מיך איינגעבויגן.
איך שטיי אַליין אויף האַרטן טראָטואַר.
געווענדט צום הימל זיינען מיינע אויגן.
ווער האָט די פייל פון בויגן אָנגעצויגן
און מיך געמאַכט צום נאַר, צום נאַר ?

מיט גרויע וואָלקנס הימל איז פאַרצויגן.
דיין לעבן הענגט אין לופטן, אין געפאַר.
איך זע געבעט אין דיינע טרויער־אויגן ;
די זיכערקייט אַצינד איז ניט געשטויגן,
איך גיי און ס'גייט מיט מיר אַ צער.

נאָר ס'האָבן מיך באַגלייט די גוטע אויגן
אויף טומלדיקער גאַס, אין רויש־ווירוואַר.
איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אָפּגעפלויגן,
אַ ליד פון בענקעניש איך האָב פאַרצויגן,
און גוט איז מיר געווען דערפאַר.

# אינדיאַנער טאַנץ

טאַנצן, טאַנצן אינדיאַנער פרויען,
זינגט אַ מאַן און קלאַפּט אין פּייקל מאָנאָטאָן.
הויך פאַרפלאָכטן אָרעמס אויף די בוזימס
און די קעפּ אַראָפּגעלאָזט צו האַרטער ערד.
דראָבנע טריט, געצאַמט, ווי ס׳וואָלט געווען פאַרווערט.

טאַנצן, טאַנצן אינדיאַנער פרויען,
גלאַנצן שוואַרצע האָר און האַלדזבאַנד שעמערירט.
סודותדיקע פּנימער פאַרהוילן
טיפעניש איינזאַמע פון בערג און טאָל.
שוואַרץ איז פייער אינעם אויג און בליק איז שטאָל.

טאַנצן, טאַנצן אינדיאַנער פרויען,
שאָרכן שווערע פיס, ווי אָנזאָג פון געפאַר;
בויגן זיך ווי באָפלאָם פאַר אַ שטורעם ;
וויגן זיך, ווי ווערבעס אינעם ווינטביים ברעג ;
גרייטן זיך צום שפּאַן אין וויסטן, ווייטן וועג.

טאַנצן, טאַנצן אינדיאַנער פרויען,
ווידערקול פון פּויק און איכה־טאָן פון מאַן.
טאַנצן מיט די דורותדיקע שאָטנס.
איינגעהאַלטן איז דער טראָט און דער גוף — באַשווערט.
ס׳איז ניט אייגן דער אַרום און פרעמד די ערד.

## אַ שפּיל

שפּעט ביינאַכט, ווען מידער מדבר פֿאַפּט,
עפֿענען די בערג די טיפֿע שפּאַלטן,
וואו פֿאַרשפּאַרט, באַהאַלטן
זיינען ווינטן:
ווינטן־ווײַבערס, ווינטן־קריבערס;
ווינטן ניט־באַגלויבערס און באַרויבערס;
ווינטן פּייפֿערס, ווינטן פּויקערס;
ווינטן העקערס, ווינטן הויקערס...

קייקלען זיי זיך גלייך אַראָפּ, געשווינט,
צו דער פּוסטער, פּלאַכער מדבר־ערד,
ווי פֿאַרשייטע יינגלעך אויף דער פֿריי.
שרייען זיי: „טומלען איז כדאַי!"
און מען שוויבערט־אויף די גרעזלעך
און ס'דערשרעקן זיך די העזלעך
און מען וואַרפֿט זיך מיט די זעמדלעך
און מען פּליקט אַראָפּ די העמדלעך
און מען מאַכט אַ טאָלק פֿון דעכער
און מען פּייפֿט אַריין אין לעכער.
שטאַרק איז צאָרן קעגן שויבן.
וויל מען זיי צעשטויבן און צעדרויבן.

אָנגעטומלט, אָנגעהוליעט, זאַט,
ענדיקט מען מיט אַ פּאַראַד.
קומט פֿון העכסטן באַרג באַפֿעל:
„יעדער ווינט צוריק אין צעל!"
פּילן אָן זיך פֿון די בערג די שפּאַלטן.
כאַפּט זיך אויף דער מדבר אַלטער:
„אַי, ווי גוט, ווי וואויל, ווי שטיל."
עס איז געווען אַ שדים־שפּיל.

# ליד פון לויב

פויגל־פייף — פרימאָרגן־פרייד.
גרוי, פאַרנעפּלט, פּוילערהייט,
מענטש שטייט אויף: קנעפּלט, פּרעפּלט,
גענעצט אָן אַ גרענעץ.

פויגל־רוף פאַרהילכט די לופט.
ראַשיק, רוישיק, קװעלט און טרעלט —
אויפשטאַנד אים געפּעלט.

פליט מיט ליד אויף טריט־און־שריט.
מענטש זיך פוילט, איז פאַרקנוילט,
װיל פאַרשטיין דעם מיין
פון פויגל־לוסט אויף דאַך און קוסט.

מענטש דער מייסטער אַלץ דאָך װייסט ער,
שטייט מיט אָפן מויל.
פויגל־פּיצל קאָן ניט זיצן פויל,
פּעדערט זיך און פליט צום יאַריד.

הויך און ברוסטיק, אין הערלעכער אַקוסטיק,
גלוסטיק, לוסטיק, ס׳גייט אַ פּאַרע, מאַכט אַ װאַרע,
הויבט זיך, הויבט, זינגט און זאָגט:
אַ ליד פון לויב דעם נייעם טאָג.

# אין טיפעניש פון דיר

דערהער און האָרך דעם מינדסטן שאָרך
און יעדן ריר אין טיפעניש פון דיר,
וואו ס׳ריזלט קוואַל, פון הויב און פאַל
פון דיין געפיל.
דער צוועק און ציל פון זיין, ניט־זיין,
אַרויס, אַריין —
צו דינען אויף דער לעבנס־בינע.

ס׳איז דיין באַשאַף. ניט זיי דער שקלאַף
צו זיך אַליין. זיי זוניק, שיין.
אַנטפּלעקט עס האָט די פרוי דעם סוד
אין שפּאַן פון דורות־לאַנג.

דו זאָג צום בלוט, צום האַרץ, צום זין:
איך בין דער מייסטער איבער אַלץ אין זיך.
ניט קריך, ווי וואָרעם אינעם גראָז.
ניט לאָז די שפּין־געוועבן
דיין לעבן פאַנגען.
דערהער די קלאַנגען פון דיין ווידערקול
און זאָל דיין צאַרט אויער
דערשפּירן טיפן טרויער וואָס לויערט
אויף דער שוועל פון דיין יעדן צעל.

זיי וואַך, זיי גרייט דערפילן פרייד,
וואָס ליגט פאַרבאָרגן.
ניט וואַרט אויף מאָרגן.
נאָר שעפּ דעם לעבנס־וויין
און גיס אַריין אין יעדן בעכער
און רוף אויס העכער:
כ׳בין גרייט
פאַר פרייד.
זאָל יעדע מינוט זיין גוט, זיין גוט.

# דער יהושע־בוים

אומענדלעך פעלד פון גרויען פלאַך און זאַלץ קרישטאָל און זאַמד
און ווילדע בערג פון איינגעקשנטן גראַניט.
ווער וויסט פון וואַנען מדבר איינזאַמער האָט אָפּגעשטאַמט;
ס'האָט קיינער ניט דעם הפקר זיינעם איינגעצאַמט,
ער האָט פאַר צאָרנדיקער צייט קיין מורא ניט.

עס לויערט אויפן וועזוריק אויסגעהונגערט ווילדע קאַץ
און מעכטיק זיינען הערנער פון דעם הירש אויף באַרג.
מיט אימפּעט יאָגן זיך צוגלייך דער אייזל און דער ראַץ,
ווייל אַלץ וואָס לעבט דערגרייכן וויל דעם וואַסער־שאַץ.
ס'איז איינגעקאָרטשעט פון דעם העכסטן פעלדז דער קאַרק.

ניט היילערין איז זון, נאָר אַכזר הערשער פון דיסטאַנץ
און אויסגעלעכצט איז גומען פון דער שטאַרער ערד.
און טייוואליש איז פון גאַסט דער ווינט דער וויכערדיקער טאַנץ,
נאָר צו־להכעיס שפּראָצט און וואַקסט די מדבר־פלאַנץ,
דער בלי פון העלסטער בלומען־פאַרב איז איר באַשערט.

עס קומט די צייט און אַלטער מדבר טוט זיך אַ צעבלי
און קריפּלדיקער קאַקטוס ווי וואולקאַן צעזידט.
עס פלאַמען מאַריפּאָזאַ ליליעס אין רויטן גלי
מיט וויים און גאָלד איז אויסגעפּוצט דער אינדערפרי,
דער זקן־מדבר שיינט, דער מדבר גרייז ער בליט.

און ווי אַ גיבור שטייט אינמיטן פעלד יהושע־בוים.
די שטייפע צווייגן צו דעם הימל אויסגעשפּרייט ;
אַז איינזאַמער אין פלאַכלאַנד פון אַ גרינעם וואַלד ער טרוימט,
עס האָבן בערג אַ וויסטן סוד אים איינגערוימט,
מיט אָנגעצילטע פויסטן קעגן וועלט ער שטייט.

געהיים, גראָטעסק, ניט שיין איז ער און ווילד. איז זיין פיגור
און זיינע בלעטער זיינען שאַרף און שפּיציק שטייף,
ווי ס'וואָלט פאַר זינד ניטדאָאיקע באַשטראָפט אים די נאַטור,
געמאַכט פון אים אַן אייביקע קאַריקאַטור,
אַן אַרעסטאַנט באַוואָקסן און אין גרין געשטרייפט.

דעם נאָמען העלדישן ער טראָגט פון יהושע בן־נון.
ווי ער, געוואונען האָט ער דאָ שוין שלאַכט נאָך שלאַכט.
ס'האָט ניט פאַרסמאַליען אים געקאָנט די הערשערין, די זון,
און ביים אַרום געשטיגן איז ער גאָר דערפון
און זיינע צווייגן־אָרעמס הייבן זיך מיט מאַכט.

די יאָרן פון מיין לעבן, ווי דער מדבר איינזאַם, ווייט.
און ווי די ווילדע בערג, די שטרויכלען פון מיין האַרץ.
נאָר העל געבליט די בלומען האָבן אין דער פרילינגס־צייט
און אָפט האָט הייסער ווינט אַריינגעטאַנצט פאַרשייט,
די שטערן מער געהעלט, ווען נאַכט געווען איז שוואַרץ.

און אייגן איז געוואָרן מיר יהושע־בוים, דער פריינט.
ווי ער, איך האָב די פויסט צום הימל אויסגעשטרעקט.
אַמאָל האָט זון געבראָטן מיך, נאָר זעלטענער געשיינט.
איך שטיי מיט אָרעמס אויפגעהויבענע נאָך היינט,
כ'באַדויער ניט דעם נעכטן, מאָרגן מיך ניט שרעקט.

# ירושה

איך בין די לעצטע רויז אין אויסגעפליקטן גאָרטן;
איך בין די ברוכוואַרג־שיף אין אויסגעדינטע פּאָרטן;
וואו ס'האָט אַ וועלט געפלאַמט, געלאָשן האָב איך דאָרטן.

פאַרצוקט די פּרוכט, די קאָרע פונעם בוים צעריבן,
די נעסט צעשטערט, די זינג־פייגעלעך צעטריבן;
נאָר איך, די לעצטע פעסטע רויז, איך בין געבליבן.

געלאָדן אין די האַפנס האָט מען שווערע לאַסטן;
געפלאַטערט האָבן העלע פאָנען אויף די מאַסטן.
איך בין געווען די שטומע שיף מיט טויטן־קאַסטנס.

געבראַזגעט טאָג און נאַכט האָט רויטער פייערוואָגן;
די ווינטן האָבן פונקען פלאַקערן צעטראָגן.
ביז לעצט איך האָב דורך זיילן רויך געשאַלט טרעוואָגע.

אַראָפּ דער גלאַנץ און אָפּבליאַקירט די העלע פאַרבן,
נאָר ס'פּאַסן מיר די האַרטע, די צעקנייטשטע קאַרבן.
איך בין די רויז, די שיף, דער שאַל. ווער וועט מיך אַרבן?

# אויבן

וואו זיינען די וואָלקנס און וואו איז דער באַרג ?
וואו איז דער קאָפּ און וואו איז דער קאַרק ?
איז דאָס אַ שפּיל אַזאַ, אַ שפּיל אין „כאַפּ־לאַפּ"?
צי גיט מען אַ גלעט, צי גיט מען אַ קלאַפּ ?
צי קומט מען צוגאַסט דאָ, צי פירט מען אַ שלאַכט ?
ווער האָט די בערג און די וואָלקנס צוזאַמענגעבראַכט ?

צווישן די הויכע, שטיינערנע שפּאַלטן
האָט זיך אַ ווייסינקער וואָלקן באַהאַלטן.
ליגט דאָס וואָלקנדל, ווי אין אַ וויגל,
זינגט אים דער ווינט אַ לידל פון ציגל־מיגל.
ווערן די באַרגיקע שפּיצן, ווי חופּה־שטאַנגען,
ווערן די מדבר־בערג פון וואָלקנס געפאַנגען.
ווייסע קינזשאַלן די שוואַרצע העלדזער שעכטן,
שטיקער הימל מיט פעלדזן זיך פלעכטן.

שטייט דאָס מענטשעלע מיט פאַרגאַפטע אויגן,
זעט ווי ס'האָט דער הימל זיך פאַרצויגן
מיט משונהדיקע פיל־קאָלירטע פאַסן.
ווער טוט דאָס דאַרטן חוזקן און שפּאַסן
און שטעקט־אוים אַ פייג צו דעם אונטן
און לאַכט זיך אוים פון אַלע פעסטע גרונטן,
פון די פירעכצן און רעגולאַציעס,
פון דער שפּיל אין לענדער, נאַציעס ?
אין אַ רגע ווערט דער הימל צונטער...
נאָך אַ רגע — און גרויע פלאַכטעס קומען אונטער.
וואָס מיר זון און וואָס מיר הימל ?
אָט איז גאָלד און אָט איז שימל,
אָט איז רויט און אָט איז בלוי —
וואונדער איבער וואונדער און אָך! און אַך! און אוי!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
האַריזאָנט די לאַדנס האָט פאַרמאַכט,
שטייט דאָ מענטשעלע און טראַכט און טראַכט און טראַכט...

# מאָן און פּאָדער

גריבל זיך און נישטער, צינד די קנויטן אָן,
גרייך צום אויבנאָן.
טיף פאַרגראָבן טייעט שונא מיטן חלף.
הויב־זשע אָן — און ניט פון מיטן, נאָר פון אלף,
מיטן קריי פון ערשטן האָן.

בודק גרינטלעך יעדן אויפקום און פאַרגיין,
זאָלסט באַנעמען און פאַרשטיין.
ניט געשאַנעוועט דאָס בלוט אין בלויען אָדער;
צאַפּ און צאַפּ און מאָן און פּאָדער, מאָן און פּאָדער;
הייב־זשע אָן פון זיך אַליין.

וועלטן צאַרט ווי רויזן, וועלטן האַרט ווי קוואַרץ,
ליגן אין דיין פּיצל האַרץ.
שפּאַנסט אַרום אַ פוסטער פראַנט פון לעצטער מאָדע.
טו די פאַלשע מאַסקע אויס און מאָן און פּאָדער
און די אַרבל הויך פאַרשאַרץ.

פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא, פרעגט און פרעגט.
גאַפט דער מענטש און שרעקט זיך, שרעקט.
דו ביסט דאָ, געשאַפן ענטפער צו געפינען.
אויך פון דיינע דיקע ווענט די טרערן רינען,
אָבער זון־שפּראָץ וועקט דיך, וועקט.

אונטער דיר די ערד — אַ בראָטנדיקע פאַן.
פאַר די אויגן — אָקעאַן.
אַלע חושים דיינע וואַך און אָנגעלאָדן.
קלאַפּסט אין טיש, עס רופט די שער, מאָן און פּאָדער.
ביסט פון שיף דער קאַפּיטאַן.

# די גרויסע וועלט פון קליינעם בלימל

די גרויסע וועלט פון קליינעם בלימל
וואָס קיינער ווייסט זיין נאָמען ניט.
ס'איז קבצן־שטאָם פון ווילדן בלימל,
וואָס ווערט פון אונדז ניט אָפּגעהיט.

די ערד וואָס נערט אים איז דאָך גרווילעך
און גרויזאַם זיינען מענטשן־טריט
און אַלט איז זי און פול מיט קאַרבן,
נאָר אויסגיין, שטאַרבן וויל זי ניט.

איז האָט זי קינדערלעך געבאָרן,
אַ בינטל בלימלעך פורפור־וויים.
די בלעטלעך אויסגעצירט אין סאַמעט,
אַרומגענומען ווי אַ קרייז.

אַ בלימל־צווילינג, אַ בלימל־דריילינג.
ווער איז דער מייסטער פון באַשאַף ?
זיי שמייכלען העל דער וועלט אַנטקעגן,
דו שטייסט פאַרחידושט און פאַרגאַפט.

ווי קליין, ווי ציכטיק און ווי איידל
און אויסגערונדיקט און פערפעקט.
און יעדן טאָג ווי אויסגעצוואָגן,
מיט פערלדיקן טוי באַדעקט.

דו נייגסט זיך־אָן צום ליבן בלימל,
באַגריסט דיך צאַרטער אַראָמאַט.
די זון באַשיצט דאָס ווילדע בלימל,
די בלעטלעך אויסגעלייגט זיך זאַט.

אַ שמעטערלינג איז אָנגעפלויגן,
אַ זויג געטאָן פון בלום דעם זאַפט
און באַלד אַ בין האָט אָנגעזשומעט,
זיך אָנגעזאַפט מיט בלימלס קראַפט.

די גרויסע וועלט פון קליינעם בלימל
וואָס ברענגט זיין נוצן אויף דער ערד.
עס בעט ביי קיינעם ניט באַלוינונג
און ווער עס דאַרף, ביי אים זיך נערט.

אָ, וויפיל קליינע מענטשן־בלומען
דו טרעפסט כסדר אויף דיין וועג.
ווער קוקט זיך דאָ אַרום אויף זיי דען,
ווער ברענגט אַרויס פון זיי פאַרמעג ?

די גרויסע וועלט פון מענטשן־בלימל,
וואָס קיינער ווייסט זיין נאָמען ניט.
ער טראָגט די שווערע לאַסט פון לעבן
און זינגט זיך שטיל זיין מונטער ליד.

# סאַנטאַ באַרבאַראַ

דאָס שטעטל טוליעט זיך צו קליינע ווייסע מויערן;
די קאַליפאָרניער דעמבעס שטייען ווי באַשיצער;
פון הינטן — בערג ווי שנאַפּ־הינט, לויערן און הויערן
און איבער זיי עס וואַכט אַ נעפּל ווי אַ היצל.
פּאָרוים, אין גאַנצער לענג, אין זילבערנעם געשפּאַן
עס רייט אַ מעכטיקער דער אומרו אָקעאַן.

אויף שפּיצן בערג די הייזער טוען זיך אַליץ העכערן,
און דאַרע פּאַלמעס ציען־אויס זיך ווי די דראַנגגען,
און צעדערן, ווי דאַמעס, האַלטן זיך אין פּעכערן,
און עקאַליפּטן האָבן בלומען אויסגעהאָנגען.
עס ציט זיך שטעטל ווי אַ קעמל־קאַראַוואַן,
נאָר מיטאַמאָל עס שטייט אין וועג דער אָקעאַן.

מיט יחוס שפּאַנישן באַרימען וויל זיך יעדערער,
מיט אָפּשטאַם פון די פּיאָנערישע קאַבריאָס;
אַניט כאָטש פּוצן זיך אין אינדיאַנער פּעדערן,
און אין דער צייטונג האָבן ס׳בילד מיט אַן עליה.
און שעמערירן זאָל די קופּערנע פּאַן.
נאָר ס׳לאַכט זיך אויס פון אַליץ דער אַלטער אָקעאַן.

צעקרישלט איז געוואָרן פּאַלאַץ מיליאָנערישער;
ווי פּאָנען פלאַטערן די וועש פון מעקסיקאַנער;
עס שטויסט פון זיך דער נעגער אָפּ די טובות ברערישע —
ער האָט דעם ווייסן שכנס געטאָ־שפּיל פאַרשטאַנען.
ער וועט ניט לאָזן זיך פאַרשפּאַרן אין „עד כאן",
ביז ענדלאָז וועט ער זיין, ווי ס׳איז דער אָקעאַן.

און יידן זיינען דאָ פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן.
זיי ווישן טרויער אָפּ און העלפן זונשיין פלאַנצן.
עס שרעקט ניט אָפּ זיי מער פון עראָפּלאַן דאָס גראַגערן.
זיי זאַפּן ריח פון יאַסמין אַריין אינגאַנצן,
זיי הייבן־אויף די קעפּ, ווי זעגל־שיפל שוואַן,
וואָס שוועבט־אַרויף אויף אימפּעראַטאָר־אָקעאַן.

עס נעמט זיך שטעטל שוין די שטאָלצע בערג צעאַקערן
און דרינגט אַריין אין פעלדז־געדערים גרינג און פּיפּיק.
און קיפּאַריסן לעצטן „זיי געזונט" צעפלאַקערן
צום פינקלדיקן שכן אונטן, דעם פּאַסיפיק.
נאָר קיינמאָל בייגט זיך ניט פאַר הערשער און טיראַן
די פולע גרויע קאַץ — דער אָקעאַן.

דעם סוף פון אַפּעלסינען־סעדער דאָ באַדויערן
עס וועלן בירגער גוטע פון דעם שיינעם שטעטל,
און פּאַלמעס אויף די ברייטע שליאַכן וועלן טרויערן.
ס'וועט צוקומען אַ נייער נאָמען אויף אַ ברעטל.
נאָר ס'איז אַזוי פיל קראַפט אין בוים פאַראַן, כל־זמן
עס ליגט זיך אויסגעלייגט דער יונג, דער אָקעאַן.

## עס רעדט צו אונדז

עס רעדט צו אונדז די שטילקייט פון דער ערד,
אַנטפּלעקט, ווי אַ געטרייער פריינט,
דעם סוד פון נעכטן און פון היינט.
און גוט איז דיר, איר קינד, וואָס איז באַשערט
אַריינצודרינגען אין דעם לעבנס־ווערט.

פון ערד דאָס לשון איז — דער אַראָמאַט,
ווי ריח פון דעם מענטשן־מין.
באַנעמסט דעם שכלדיקן זין
פון אָטעם פון אַ שיכט ביז דינסטן בלאַט.
איין מאַמע האָט זיי אַלעמען געהאַט...

עס רעדט צו דיר די סאָסנע און דער צעדער,
עס שושקעט זיך מיט דיר דאָס גרעזל,
עס שמייכלט טוי און ס'טרערט דאָס בלעזל.
די מדבר־שריפט איז פון אַ ריזן־פעדער.
אַריינלייגן זיין קלאָרן טייטש קאָן יעדער...

די פעלזן וועלן מעשיות דיר דערציילן
פון דיינע איינגעשפאַרטע זיידעס.
זיי זיינען דאָך געווען די עדות
פון יאָגעניש פון בערג אין טיפע היילן,
כדי מיט גאַנצער וועלט זיך איינצוטיילן...

די ערד איז פול מיט קנייטשן און מיט קאַרבן,
וואָס שטאַמען פון ניט ווייניק זאָרג.
די ריזן־מתים אין איר מאָרג
געוואָלט מסתם די אוצרות אירע אַרבן.
געבליבן זיינען בלויז די בלומען־פאַרבן...

און דו אַליין, דו שפאַנסט אַרום אויף ערד
מיט זיבערע, מיט שטאָלצע שפרייזן.
דיין ווילן — שטאָל, דיין וואָרט איז אייזן.
און דאָרט, אין טיפעניש, דער זיידע הערט,
די באָבע שטייט ביים אויוון און דיך נערט...

עס רעדט צו אונדז די ערד אַ וואוילע שפּראַך.
דו הער זיך איין, נייג־אָן דיין אויער.
זי דרינגט אַדורך די דיקסטע מויער.
דו שטייסט דאָך ניט אין גרוב, נאָר אויפן דאַך.
עס רעדט צו דיר די ערד אַ וואוילע שפּראַך.

## פאַרוואָס?

ניין, איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין.
פון ליבן פּנים טריפט געוויין,
פון גוטע אויגן שטאַרט געפאַר.

עס באָדט אין וואוילטאָג זיך דאָס לאַנד,
און ס'וואַקסט דער יחוס פון זיין שטאַנד,
נאָר רויבער איז נאָך אַלץ זיין האַר.

פאַר יעדן דאָ פון אַלדאָס גוטס,
נאָר שווערד מען שאַרפט און ביקס מען פּוצט
און בלוט איז ביליקער ווי וויין.

ווי לאַנג באַגלייטן לעבנס־וועג
נאָך וועלן מוראדיקע שלעק
און ברענגען ווייטאָגן און פּיין?

ווען מענטש קאָן נייגן זיך גאַלאַנט
און קושן צערטלעך פרויען־האַנט
און זיין פאַרליבט אין אַלץ וואָס שיין —

פאַרוואָס זאָל לויערן געפאַר
פון טויט אויף אונדזער טראָטואַר?
ניין, איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין.

# גערא͏ַנגל

װען הימלען נידערן אַראָפּ אױף בערג
און שפּרײטן אױס פּאַר זיך אַ ברײט געלעגער,
דאַן האַלט דער מענטש דעם אָטעם אײַן
און ס'גאַפּט אין װאונדער דער אַרום,
און ערד בלײַבט שטום.

און מענטש דערגײין װיל טיפן סוד
פון הינטער טונקעלע װאַלן.
צי װעבט זיך פרײנטשאַפט אױבן דאָרט ?
צי האָבן פאַרהאַנגען פאַרשטעלט
אַ דראָענדיקע װעלט ?

גײט אָן גערא͏ַנגל צװישן אױבן, אונטן ?
װער איז דער מײסטער איבער רױם ?
ביז איצט איז נאָך ניטאָ קײן שלום־בונד.
און מענטש געפינט זיך אינדערמיט,
אַרומגעצאַמט פון דינאַמיט.

װען ס'גיבן זיך אונטער די פעסטונגען, די בערג
און זיגערישע הימלען נידערן אױף זײ,
דאַן זעט דער מענטש, פון אײביק אָן,
אַז יעדן טאָג װערט ערד באַװעלטיקט פון דער נאַכט,
און ערד װערט־אָן איר מאַכט.

און מענטש באַלאַנגט צום שװאַכן שבט,
װאָס קאָן אים פון די הימלען ניט באַשיצן.
ער גאַרט די פינצטערניש אין ליכט פאַרװאַנדלען,
אַז ס'זאָל דעם אױבן זײַן פאַרװערט
אַרױפצוצװינגען נאַכט אױף ערד.

# אײַביק װאַך

װאַכזאַם װיגט זיך װעלט פֿון הײנט און מאָרגן;
זאָרגן זשומען, ברומען אין די רוימען;
טרוימען װיגן זיך פֿאַר דײַנע אויגן;
נויגן זיך פֿון העכסטע בערג די שפּיצן;
בליצן װיגן זיך אין האָריזאָנטן;
פֿראָנטן פֿון די ימים כװאַליען זיך פֿאָרויס;
שטויסט זיך, שטורעמט ערד אין אירע לאַבירינטן;
װינטן װיגן גלײַװערדיקע גלידער;
נידעריקע גראָזן הײבן זיך אַלץ העכער;
לעכערדיקע הערצער זיך צו גאַנצקײט װיגן;
זיגן װעלן די װאָס רירן זיך, באַװעגן;
פֿרעגן: װאָס װעט זײַן פֿון איצט און װײַטער?...

צײַטן יאָגן זיך צום דראַנג פֿון זײַן;
פּײַן און קלאָג אין לופֿט זיך װיגן;
ליגן קינדער שטילע אין די װיגן;
קריגן גרויסע זיך אויף טומלדיקער ערד;
װערט אַ װיגעניש, אַ שטופּעניש, אַ שטויסן;
דרויסן — האַרטע שאָלעכץ; אינעװײניק — לעבן;
װעבן זיך געװעבן, װיגן זיך און װיגן;
ליגן אוצרות פֿול פֿאַרבאָרגן;
מאָרגן װעלן זײ צעװיגן רוימען;
טרוימען װעלן זיך צעטרוימען.

## אינהאַלט